# עפן אויף

אָ, גאָט, עפן אויף פאַר מיר
פון רחמים דעם טויער.
די וועלט אין חורבן,
דער מערדער אויף לויער.

אָ, עפן אויף פאַר מיין פאָלק
פון רחמים דעם טויער.
לאָמיך זיין דער קרבן טהור.
עס בלעטערט אין שטילן וויי,
דער באָבעס געלער, ירושה־סידור.
דערמאָן זיך, פאַרשרייב אַלע פּיינען ווידער,
נעם נקמה פאַרן בלוט פון מיינע געהרגעטע ברידער.

אָ, גאָט, דער פּיין
האָט דורכגעבויערט מיין געביין.
לייז אויס פון עלנט,
לאָז די וועלט נישט אַליין.

עס איז דאָך אַלץ,
דאָס געווערק פון דיין האַנט.
זיי זיך מרחם אויפן מענטש,
אויף זיין בלאָנדזשענדיקן פאַרשטאַנד.
לאָז רוען דיין פרידן
אויף דער ערד, אויף יעדן לאַנד.

טאָמער דאַרפסטו אַ היטער.
וויס, דאָס פאָלק האָט די ריינסטע טרערן.
זיי דו אַליין זייער בעטער, זייער רעטער.
און דאָס גוטסקייט אויף דער וועלט וועט זיך מערן.

אָ, גאָט, עפן אויף פאַר מיר
פון רחמים דעם טויער.

# טרערן

אין פוילן דער מדינה,
אין יידישע שטעט און שטעטלעך
האָט גערוט די שכינה.
דער טייך האָט געבלויט — אַ לויטערער שפּיגל.
גרין איז געווען די סטעזשקע, דער אָפענער פּלוין
און דער שטילער, גראָזיקער היגל.
פאַרבענקט, היימלעך האָבן צום וואַלד
זיך געטוליעט היימשטעטלעך.
אין פרילינג, ווי וואַרעמע פינגער
האָבן געצערטלט די בעז־ריטלעך.
האַרציקע פרייד האָט געזוניקט אויף דער לאָנקע,
אַרום פּאַסטוך־געצעלט.
פון ריינע, יידישע הערצער, פון לערנערס און געזעלן
ליכט און ליבשאַפט, מוט און גלויבן האָט געקוועלט.

אַצינדערט, די זון צווישן רויכן — אַ גליענדיקער ציגל.
די יידן ליגן אויסגעקוילעטע באַ די שוועלן.
אימהדיקע צייכנס: אַ פאַרבלוטיקט, קינדעריש וויגל,
פאַרזשאַווערטע ריגלען, צעריסענע מזרח־געמעלן.
און די שכינה פלאַטערט מיט צעבראָכענע פליגל,
בליפעט איבערן הייליקן קרבן.
און מיינע טרערן פליסן אויפן גרויסן חורבן.

# אלף־בית

פֿאַרברענט דער שול־הויף,
דאָס פֿעלד און דאָס גראָז.
עס איז שוין קינד מיינס חצות,
ביז צום גרינענדיקן כּלות,
הער זיך איין, זאָג מיר נאָך יעדעס אות:
מיין איינציקער־געבליבענער, מיין בכור,
ביסט נישט דער לעצטער פֿון דיין דור.
זאָג מיט בטחון, מיט הויך־קלינגענדיקן ניגון:
אונדזער בלוט וועט נישט ווערן פֿאַרשוויגן.
גאָט איז מיט אונדז, די שונאים וועלן פֿאַלן ווי פֿליגן.
צוזאַמען מיר זיינען אויפֿגעשטאַנען, מיר וועלן זיגן.

הער זיך איין און פֿאַרנעם,
דעם ניגון דעם ריינעם,
פֿון דעם אלף־בית דעם שיינעם.
זע, די אותיות לויכטן שיין.
זיי ברענען מיט אונדזער בלוט און פּיין.

זאָג מיר נאָך אלף־בית.
יעדעס אות לויטער, ווייס.
יעדער פּינטל אַ באַדייט —
אַ טרייסטנדיקער באַווייז.

ביסט אַ ייִנגעלע יונג און קליין.
גרייט זיך אַ ייִד צו זיין.
אונדזער תורה גאַנץ און ריין.
אָן מורא זאָלסטו קעגן טויט שטיין.

חזר איין, זינג דעם ניגון נאָך:

אלף.

גאָטס וואָרט — א בליציקער חלף.

חולם בית — ב, דערנאָכדעם אן אלף, מאכט בא.

גאָטס ווילן איז אזוי.

קמץ יוד — י, חולם בית — ב, דערנאָכדעם אן אלף מאכט יבא

דורך דיין מויל קינד מיינס, גאָטס וואָרט טריפנדיקער טוי.

חולם יוד — יו, דערנאָכדעם א ם מאכט יום.

זיי מקדש השם בכל יום ויום.

אצינדערט חזר איין אינאיינעם:

ישראל א שטארקער בוים.

בא יבא יום,

חרוב וועט ווערן רוים.

גאָט וועט אָפּמעקן בערלין ווי סדום.

גאָט האָט די שטראָף שוין אויסגעקריצט

אויפן שווארצן הימל־זוים.

שטאָק־נאכט.

איבער יעקבס געצעלט גאָט וואכט.

גאָטס צאָרן האָט אויפגעקראכט,

גאָט איז אַרויס קעגן אונדזערע שונאים אין שלאכט.

גלויב, וועסט ווערן גרויס.

עס קען קיינער נישט פארברענען ישראלס הויז.

זע, דעם חלוץ מיט דער ווייס־בלויער פאָן.

זאָלסט ווי ער צו די רוצחים טאָן.

זאָלסט אויפשטיין

יינגעלע־קליין,

מיט נקמה אָנגעלאָדן

און די רוצחים צאָלן:

צאָן פאר צאָן,

אויג פאר אויג,

האנט פאר האנט,

פאר די געהרגעטע יידן

הינטער געטאָ־וואנט.

רוק זיך צו,
דריק זיך צו,
טוליע זיך איין
יינגעלע־קליין.
ביסט מערנישט אליין.
קענסט שוין אויף אויסנווייניק דעם גאַנצן אלף־בית.
ביסט אַ ייד שוין, ווייס עס, ווייס.
געלויבט דער בורא,
איך האָב דערלעבט צולערנען מיט דיר תורה.
וואַש דיינע הענטעלעך, ווי צו שאו ידיכם,
מיט אַ לויטער פּנים זאָגט די געבליבענע יידן שלום־עליכם.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אויפגעענגערינט האָט דער כעלות.
אויסגעדונערט ערשטער שאָס.
אויפגעזונגען האָט דאָס ערשטע, פאַרבלוטיקטע אות :
אלף־בית — צו די יידן וועט נישט געשען קיין בייז.
אלף — גאָטס וואָרט איבער די שונאים אַ בליציקער חלף.

## דער לעצטער חלוץ

אויפגעגליט דער הימל־ראַנד.
פון ווייסל־ברעג די וואַסער־האַנט
ציטערט אויפן שטילן זאַמד.
אויף גערטאָ־וואַנט
דער לעצטער חלוץ שפאַנט.

וואַרשע־ביתר אין רויכיקן בראַנד.
בלוטיקער־כאַרכל אויף גראָזיק־געוואַנט.
די זשאַרענדיקע רויכן קרויזן
אין די אויפגעטאָגטע הויכן, איבער שולן, איבער קלויזן.
די געראַמאַנער, די רוימער פּויזען.
און דער חלוץ מיט ווייס־בלויער פאָן,
מיט שווערד מיט בלויזן
שיצט די לעצטע וואך.
די זון אַ פאַרבלוטיקטער פויגל
פליגלט אויפן בלוטיקן שליאַך.
אַלע שיס־רערן אויף זיין געזיכט.
פון זיינע אויגן פייער שפּריצט.
ער הילט זיך איין אין דער ווייס־בלויער פאָן,
אַזוי האָט דער טאַטע מיטן טלית געטאָן.
די געראַמאַנער, די רוימער פּויזען.
אין זייערע הענט שווערדן בלויזן.
אַ וואָלקן דעקט דעם חלוץ איין שיכט נאָך שיכט.
אין זיינע אויגן דאָס שפּריצנדיקע פייער —
שטראַלנדיק ליכט.
ער דריקט די ליפּן צונויף.

עס שוועבט מיט אים דער בלוטיקער הויף.
ער זינקט פון דער הויך, אין דער רו,
מיט ווארעמען געזיכט ער פאלט צו דער ערד צו.
חרוב איז ביתר, אוים מיט דער געטא:
אין תל־אביב, אין מאסקווע, אין לאנדאן
העלדישע יידישע קעמפער זיינען דא.
ינקמו את דמי!
אין בירא־בידזשאן, אין מאנטרעאל, אין ניו־יארק
יידן־קריגער זיינען דא.
עם ישראל חי!
זה בשבילי די!

ברענען רויטע רויזן
אויף בלוי־ווייסער פאן.
פאר מיר, פאר דיר מיין זון,
פארן הויז פון ישראל
האט דער חלוץ אזוי געטאן.

## תהילים - זאָגער

### א

דער פרימאָרגן בלייכט אויף מיינע שויבן.
איך זינג דעם פּאַסטוך דודס לידער פון לויבן.
די ווערטער מורמלען טרייסט און גלויבן.
גאָט, הויב מיך אויף פון די שטויבן.
תפילהדיקע געזאַנגען אין פינצטערן גלות
מיט אונדז מיטגעגאַנגען.
פרום, געליטערט אין אָנגעוויטיקטע הערצער אויפגעגאַנגען.
אין גאָטספאָרכטיקע יידישע שטעטלעך אין פּוילן:
חצות, די שטערן ברענען
איבער שרעקעדיקע, זינקענדיקע שטיבלעך.
יידן זאָגן תהילים.
אַלע איין האַרץ, איין געבעט:
גאָט, שיק די הילף נישט צו שפּעט.
און אויך איך גיס אויס אין שטראָמען טרערן מיין תפילה
פאַר מיין פאַראומערט געמיט, פאַר מיין פאָטערס הויזגעזינד,
פאַר דער גאַנצער דערשראָקענער, הייליקער קהילה.
אָ, מאין יבא עזרי? וואוהין זיך ווענדן און קערן?
גאָט דערבאַרעמדיקער פון די רוענדיקע הימלען טו דערהערן.
די שטערן זינגען.
אַן עדה יידן שרייען אָפּ גזרן,
שטרעקן די הענט פון די פייער־צונגען...

ב

אין אַלע טרויערן, אין אַלע צערן, אין אַלע בראָכן,
ביסטו בעטנדיקער תהילים אַליין צום רבונו של עולם געלאָפן.
אַלע פּחדים זיינען אין שאָטן־טאָל אַנטלאָפן.
קיינער האָט דאָס בטחונדיקע, יידישע האַרץ
נישט געקענט ברעכן.
אונדזער תהילים האָט דעם קאַלטן, פאַרשלאָסענעם הימל
דורכגעבראָכן.
כביכול אַליין האָט די ווערטער, דעם בעטנדיקן ניגון
אין טרערן־לאָגל אַריינגעטראָגן.
דוד המלך, אָן אַ שווערד, אָן אַ קרוין,
אַן אַלטער, וואָגלענדיקער ייד כליפּעט איבערן תהילים,
אין טרויעריקן פאַרנאַכט, אויפן ברענענדיקן פּלוין.
וואָרים, עס האָט גערמאַניע אונדז געטראָפן
שלאַבריק, צעביילט און דערשלאָגן
אויף אונדזער אַנטרינענדיקן, וואַנדער־וועג.
דער מערדער, דער לאָקערנדיקער שכן
האָט אונדז פאַרצוקט אין דרום, אין צפון.
און אַלע תהילים־זינגער הינטער די ציטערדיקע פליגל
פון דער שכינה נאָך נקמה רופן — — —

ג

אָ, טרערנדיקער תהילים, טרייסטנדיק און הייליק,
פון אַלע געבראָכענע, יידישע הערצער דאָס לויטערסטע געוויין,
מילדער מיין טרויער, און דורך יסורים מיין הארץ רייניק.
אָ, תהילים, דיינע אַלטע בלעטער פליסטערן אין צער,
די אותיות וואַשן זיך אין ימען טרערן:
יאָ, מאין יבא עזרי? וואוהין זאָל איך זיך טון
ווענדן און קערן?
אָט זע איך זיי די זינגער, די זאָגער, די שטילע מורמלער:
שמערל באַלעגאַלע, אפרים שוסטער, איטשקע קאָוואַל און גדליהו שינדלער.
גאָט, דיין פנים נישט פאַרשטעל!
די טרערנדיקע ווערטער פון די פּראָסטע, פרומע שטאָמלער פאַרנעם!
לייבטשע בלעכער קלאַפּט אוים אַ בלעך.
אפרים שוסטער מאַכט אין דער פאָדעשווע סקריפּקע־שטעך.
דער הימל איבער זיי — אַ טיפער, בלויענדיקער בעכער.
דערפרישנדיקער ווינט — אַ צעעפנטער פעכער.
עס זינגען תהילים די קוימענס, די דעכער — — — —

ד

שבתדיקע אינדערפריען.
די גערטנער, די סעדער בליען.
ליכטיקע שלוה אויף שויבן פאַרצויגן.
דער טאַטעביים אָפענעם פענצטער,
טייטשט אין אומעטיקן ניגון יעדן מזמור.
דאָס בעטנדיקע ליד ציטערט
אויף די וויינענדיקע סטרונעס פון פאַסטוך דודס כנור.
קינדערישע, וואַרעמע טרערן אין פרימאָרגן־דעמער.
טויאיק־זילבערן די בלעטער־שאָל.
דער זינגער דוד אין בית־לחם־טאָל.
אויפן גאָלדענעם זאַמדן־ברעג פייכטן
די פרישע טריט פון אָנגעטרונקענע לעמער.

אָ, תהילים, טרייסטנדיק און הייליק,
ווייל כל ישראל האָט אין דיר אַ חלק!

## אין די אלולדיקע טעג

אלול. יידן ווערן שטילער, פארטראכטער, פרומער.
יידן גיסן אויס דאָס באַטריבטע געמיט פאַרן באשעפער.
אין שטיבלעך, אין בית־מדרש, אין שול בלאָזט מען שופר.
הארבסטיקע, פארקלערטע לאָנקעס אומעטיקן.
אין די סעדער טרייסלט מען די עפל, די גנילקעס.
פארטרוילעך, משפחהדיק־נאָענט ווערט דאָס שטעטל.
ערנסטער, הכנעהדיקער ווערן אפילו פייסי שערער, בערל רופא,
אבישל טריפהניאק און הערשקע קאָזאק.
אין מורא, אין ציטערניש שלייכט זיך ארום שאיעלע זויפער.
אַלע פרימאָרגן פארגייט זיך אין געוויין ר׳ נחומל סופר.
אינדערשטיל, אין פרומער־פאָרכטיקייט,
בעט איטלעכער ייד באַ זיין ליבן נאָמען:
אויף אַ יאָר אָן גזרות און פּאָגראָמען,
אויף געזונט און פרנסה, אויף רו און שלום.
ווארים, חסד אין דער האנט פון שופט עולם —

אין ווייסע, קילע באַגינענס
ווײנט דאָס שטעטל באַ סליחות־זאָגן.
ווייבער כליפען איבער פארטריפטע תחינות.
אין גויאישן געסל קי מרוקען, הינט קלאָגן.
ר׳ אברהם שוחט זיצט פארמחט נאָך טבילה.
דורכרייסן זיך צו די שערי רחמים
דארף זיין תּפילה.
פון זיין שווארץ־געדיכטע באָרד און פאות
קאפּען וואסער־טראָפּנס.
דאָס צעבראָכענע, אויסגעפּרואוועטע געמיט קרעכצט:
יידן דארפן רחמים.
דארפן אַ ר׳לוי יצחק בארדיטשעווער
וואָס זאָל זיך קענען שטעלן פארן כביכול און טענהן.
וואָס זאָל האָבן די תמימות און די שטארקייט
צו קענען דעם רבונו של עולם דעות זאָגן.

און איך אליין האב ווינציק חסדים,
איך קען נאך חלילה נאכגעבן דעם יצר הרע
און גאר בעטן אויף מחיה און בגדים:
איך דארף מתפלל זיין פאר כלל ישראל,
פאר דער גאנצער הייליקער קהילה.
פאר זיך, פאטער אין הימל, ברויך איך דען
עפעס אויסביטן.
פון דיינע אויגן איז גארנישט פארמיטן.
איך בעט נישט אויף עשירות,
אויף זילבערנע לעפל.
עס איז גענוג פאר מיר און פאר מיין הויזגעזינד
ראזעווע ברויט מיט קארטאפל.
ר' אברהמל שוחט שטעלט זיך פארן עמוד:
אב הרחמים, דיין פאלק ישראל אין יסורים געהייליקט.
דו אליין ווייסט, ווי צווישן די פעלקער,
מיר ווערן צוליב דיין נאמענס וועגן געפייניקט.
פארוואסזשע לאזסטו דיין בן יקיר פארשניידן? !
און אויב איך בין אין דיינע אויגן ארעם און שפל,
בין איך דאך אין דיין יצירה א שרייפל.
אין זכות פון אונדזערע הייליקע אבות,
פארן פאלק ישראל, דעם שער הרחמים עפן!
„מדת הרחמים עלינו התגלגלי
ובעד עמך רחמים שאלי."
ווייגעברום דאס צעבליפעטע געשריי.
דאס געזיכט לויכט קעגן די ברענענדיקע ליכט:
פאטער אין הימל, דו אליין
ירושלים בוי, אונדזערע טעג באניי.
חסד אויף דער וועלט פארזיי!
שטיל דער אינדערפריאיקער, הארבסטיקער ארום.
די היי־לאנקעס שפרייטן שטילן אומעט.
דאס שטעטל גאפט פארכטיק־פרום.
אברהמל שוחט אין טלית געהילט שוועבט צו אפענע טויערן...
און אויפן פארטריפטן עמוד גיסט די שכינה הייסע טרערן — — —

## מילדע טעג

### א

אין שטעטל רוט די שכינה.
אין די סעדער שמעקן די הארבסטיקע ווינטן.
די פעלדער אומעטיקע מילדקייט פארוועבן.
אויסגעריסן פון אלעמענס הערצער קנאה־שנאה...

פארנאכט־צו, ארום בית־המדרש שטייען רעדלעך יידן.
אלע רעדן וועגן דעם נאצי, וועגן מלחמה און פרידן.
ביים טריפנדיקן האנטפאס,
לייבטשע קראפ שרייט מיט כעס:
די פאנעס ליארעמען, אז יידן זיינען קאמוניסטן.
וואסזשע איז עס פאר א חטא? וואסזשע איז עס פאר א בושה?
זיי מאכן פאגראמען. די בעלי מלאכהס פון די דערפער,
די סוחרים פון די ירידן זיי פאריאגן.
המנס מפלה וועט נאך אויף זיי קומען!
יידן, מיין וועלוול זאגט:
ס'וועט נאך זיין אויף דער וועלט א נייער סדר.
די גאנצע, ארנטלעכע, פראלעטארישע וועלט
וועט נאך גיין זיך לערנען יושר
בא סטאלינען אין חדר.

### ב

נאך מעריב פארבלייבן חסידים אין טונקעלן שטיבל.
ר' מאירל דערציילט מעשיות פון גוטע יידן.
פון אפשרייענדיקע גזרן, פון גרויסן בטחון,
פון קדושים — פרומע הערצער פול מיט גלויבן,
זייער בלוט הערט נישט אויף צו זידן —
שאטנס טוליען זיך צונויף.
לבנה לויטערט אין שול־הויף.
פארגאפטע פנימער פלאמען אין הארכנדיקן קרייז.
פארטיפט, אויפגעלויכטן זיפצט ר' נחומל פרייז.

פּלאַי־פּלאַים — מורמלט ר׳ מעכעלע רובאַשאָווער.
פון זיין שיינענדיק פּנים קאַפּען טראָפּנס־שוויים:
מיינט עס, דער בעש״ט האָט שוין מרמז־געווען
אויפן מחבל היטלער, אויפן רוצחישן פּריים?...
כמורעט זיך אָן לייב־בער:
מיינט עס, דער משחית האָט ווידער די שליטה?
טאַקע, צוליב וואָס, אויפסניי קרבן, רייניקונג און שחיטה?
כדי אליהו זאָל ווידער אין די פּסח־נעכט
אריבערטרעטן פאַרבלוטיקטע, יידישע שוועלן.
ער זאָל זען, ווי מען פּייניקט יידן,
מען ברענט און מען שעכט.
און ער וועט נישט האָבן קיין רשות,
אויפצורייסן משיחן פון פיינלעכן דרימל,
אראָפּצוּרייסן פון זיינע אויגן
דעם יאַטערדיקן שימל...
און דעם צדיק־הדור איז לכתחילה שוין פאַרווערט
אָפּצושרייען די שרעקלעכע גזרן.
ווי לאַנג נאָך וועט מען פון הימל הייסן
אויף משיחן האַרן?! — — —

רייסט איבער דעם ניגון דער לאַנגער ביינוש:
נו, נו, חסיד מיינער,
וואָס איז דאָס פאַר אַ יאוש?
עס האָט זיך דיר אפשר פאַרגלוסט
אַ שטיקל, פּעטן שור־הבור?
אונדזער רבי — דער צדיק הדור
האָט געזאָגט היינטיקן שבועות אין סקאַליט:
היטלער איז דער לעצטער עמלק־שליט.
אונדזער שר איז שטאַרק, ער וואַרט.
עס וועט נישט שווייגן דער רום...
דעריבער, גוטער ברודער, זאָל דיך נישט אַרן
דער צוליב וואָס —
האָב כח און אמונה צו ליידן,
און בכל יום ויום דאַרפן מיר אויף משיחן האַרן —

ג

די יוגנט איז פֿאַרזאַמלט אין אַרבעטער פֿאַריין.
הינטערן פֿענצטער, אויף נאַכטיקע, נאַקעטע פֿעלדער
שרייט דער ווינט אין עלנטן געוויין.
משה־מאָטל לייענט פּרצעס „נסים אויפֿן ים”.
פֿון פּרעמדער־ווייט לויכט
דער אייביק־גלויביקער שטאַם.
און איציקל לאַנדוי זינגט האַרציק, פֿאַרטרוימט
לידער פֿון טרויער, לידער פֿון פֿרייד:
איבער אַלע גרינע לאָנקעס,
אין אַלע בליענדיקע סעדער,
גייט אַרום די צאַרטע ליבע,
גייט אַרום און וויינט...
און בײַ חוהלע פּוקס ווערן פֿייכט
די ברוינע, גאַרנדיקע אויגן.
ווייך, גלעטנדיק־פֿאַרבענקט
ציטערט בײַ איר יעדער מעלאָדיע.
זי פֿאַרגייט זיך אויף די דינסטע טענער.
איר פּנים פֿלאַמט, זי ווערט חנעוודיקער, שענער —
בערישל קאָוואַל נעמט איר הענטל אין זיין דלאָניע:
חוהלע האַרצעניו, זינגט דאָס ליד וועגן פּאָניען,
וועגן די טרייע קאָמעראַדן מיט די רויטע פֿאָנען.
דערווייל ווערט ביים לייען־טיש אַ געפּילדער,
יידישיסטן קריגן זיך מיט העברעאיסטן.
קאָמוניסטן מיט בונדיסטן רייסן זיך, ווי הענער.
פּייוויש באָלשעוויק טענהט:
אַ פֿאַרייניקטער פֿראָנט וועט ראַטעווען
די וועלט פֿון פֿאַשיזם.
קאָכט זיך שמערל בונדיסט:
**הערט חברה, עס איז אַ נייע קאָמוניסטישע מאַנעווורע.**
**ס'איז ווידער פּיזעם!**

שפרינגט אויף פּיוויש:
איר בונדאָוועצעס שפּילט קלייזל־פּאָליטיק,
איר האָט נישט קיין ווייטן, פּאָליטישן בליק!
מען האַלט איינער דעם אַנדערנס לאַצן.
יעדנס פּאַרטיי־יחוס און אידעאַליזם
מען האַלט אין איין שאַצן —

ביים אהיימגיין געזעגנט מען זיך היימיש.
צום וואַרעמסטן דריקט אַלעמען די האַנט
דער פּאַרקלערטער פּיוויש.
עס ווינטיקט דער אָפּענער, זאַמדיקער וועג.
אַרום טאַרטאַק שאָטנט דער לאָמפּ.
די שטילקייט שניידט די ליאַרעמדיקע זעג.
מוטנע וואַסער־טראָפּנס קאַפּען
פונעם זשאַווערדיקן פּלומפּ.
שרעק הויערט אויף יעדער שוועל.
די נאַכט פּאַרקלערט, שטום.
דער נאַצי־מערדער לויערט אומעטום — — — —

## משה שמואל דער וואַלד־סוחר

### א

וועקנדיקער הענער־געקריי
אין אַלולדיקן באַגין.
דאָס שטעטל אין נעפּל פאַרהילט.
עס שומט די וואַסער־מיל.
דער הויכער, אויסגעאַרבעטער וואַסיל
וואַרפט קרישקעלעך באַ דער אויסגעטראָטענער שוועל.
די איינגעשרומפּענע וואַסילעכע אין דער צעטעפּעטער שאַל,
פּאָרעט זיך באַ דער קילער, צעעפנטער שטאַל.
איבערן שול־דאַך גליען ראָזע שטרייפן.
די געהויקערטע, צונויפגעטוליעטע שטיבלעך שלאָפן.
דער שמש קלאַפּט אויף די פאַרהאַקטע לאָדנס.
דער ערשטער צו סליחות שפּרייזט דער וואַלד סוחר משה שמואל.
דער שווערער טלית־זאַק אונטער זיין אָרעם.
שטייף איינגעקלעמט אין זיין האַנט
די בורשטינענע גאַלקע
פון דעם אַלטן, לעמבערגער־שירעם.
עס קומט אים אַקעגן דער בייזער עקאָנאָם באַרעק.
זיין צורה באַפּודערט, ווי מיט ווייסמעל.
זיין פעטער קאַרק אויפגעלאָפן־רויט
אין געקראָכמאַליעטן קאָלנער.
ער שפּאַנט צום זאַמאָשטשער טראַקט,
ער איילט אויף יאַגד,
און ווי אַ זעלנער קלאַפּט ער
מיט די געקאָוועטע שטיוול צום טאַקט.
ער שטעלט אָן די ביקס אויף משה שמואלן.
ער קוקט אין דער ליופע און פּרואווט דעם ציעל . . .
משה שמואל דערשמעקט סכנה,
הויבט אָן לויפן שנעל.
אַ פאַרסאָפּעטער, מיט צעשראָקענע אויגן,
פאַלט ער אויף די בית־מדרש־טיר.
מיט טרייסלענדיקע הענט
וויקלט ער אַראָפּ פון זיין האַלדז די וואָלענע שאַל :

א בעלן פון א רשע — א גוי
צו גיין שיסן האָזן,
גאַנץ פרי מיטן בלאָ.

ב

אין ווינקל, אין טיפן טונקל,
ציטערט זיין מורמלענדיקער שאָטן.
אויפגעקנייטשטע בלעטער פון דער סליחה.
דאָס האַרץ קליפּעט מיט דער פאַרוואָגלטער שכינה.
דער הימל לויטערט — א בלויע, שפּיגלדיקע שאָל.
זיין פּנים פלאַמט אין ליכטיקער כונה.
זיין וויינעשריי שטייגט פון יאָמערטאָל.
די ווערטער פלאַטערן ביים ארון קודש,
טריפנדיקע טרערן אויף די געגילדערטע לוחות.
טרויעריק וויגן זיך און שאָרכען
די געצווייגטע הערשן אויפן געמאָלענעם מזרח,
די אויסגעהאַפּטענע לייבן אויפן סאַמעט־רויטן פּרוכת.
און בא יאָשע שמש,
וואָס ציטערט פאַר קעלט אפילו אין תמוז,
פייכטן די קאַלטע, פאַרדרימלטע אויגן,
ער פאַרגייגט זיך אין התפעלות:
אזוי זאָגן סליחות,
קאָן טאַקע נאָר איין משה שמואל —
דער הוסאַטינער חסיד.
איטלעכס וואָרט רעדט בא אים
מיט א באַזונדערן טעם און מתיקות.
ער טענה׳ט צום בורא עולם
מיטן גאַנצן האַרץ, באַצערט און פּשוט.
מיט אזא בעטן קען מען צום כסא הכבוד גרייכן.
נישט קיין וואונדער וואָס די הימלען בלענדן,
און זיינע באַקן בלייכן —

משה שמואל אין די הויכן ערגעץ פאַרטראָגן,
וויינט אויפן קול, די ווערטער קלאָגן:
רבונו של עולם, דערבאַרעם זיך אויף כל ישראל,
לייז שוין אוים פון ביטערן גלות.
מידת הרחמים לייג אַרויף אויף דער וואָג שאָל! — — — —

# אלול

אלול. עס פֿאַרשמעקט אין סאָד די רייפֿע פּרוכט.
גיטעלע די סעדעכע שעלט די שקאַצימלעך מיט טויטע פּלוכט.
דער טאָג ווערט אומעטיקער, מילדער.
דער האַרבסט שוועבט אויף צעגראָבענע קאַרטאָפֿל־פֿעלדער,
גליט אין די שטילע, שאָטנדיקע וועלדער.
קערץ קאַרטאָפֿל בייגן שטאַרקע פּלייצעס.
אויף די פֿערד מעסט מען די לעדערנע לייצעס.
מען וועגט דאָס פֿלאַקס.
קאָוואַל־יונגען קאָלערן אַ געקאָוועטע אַקס.
פֿאַרנאַכט דורך אַלע וועגן
שלעפּן זיך מידע דאָרפֿסגייער אין שטעטל אַריין.
טרוימעריש ציטערט דער שטערן־שיין.
דער לעצטער לערנער ניגונט אין שטיבל אַליין.
פֿון נאָענטן שניידער־וואַרשטאַט קלינגען
די קאַמפּס־לידער פֿון העלדנמוט און פּיין.
היימיש, ליב אין אומעטיקן מאַרק צוגיין.

פֿאַרבענקטע אומעטיקייט אין שטעטל.
פֿול מיט יונגען און מוידן אין סאָדע־וואַסער־קליטל.
דעם גבירס זונדל פֿונדעוועט, באַרימט זיך
מיטן אַנגעשטאָפּטן געלט־בייטל.
און לערנערס — רעוואָלוציאָנערן אין לאַנגע, חסידישע כאַלאַטן
וואַרטן אויף די באַלמעלאָכעס בא די וואַרשטאַטן.

שפּעט באַנאַכט, אין גיטעלעס סאָד, אין אַ קרייז, צווישן עפּל־ביימער
האַלט מען רעדעס וועגן דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, וועגן לאַנד פֿון די ראַטן.
דער ווינט טרייסלט די טעלעגראַף־דראָטן.
קאַרטאָפֿליעס בראָטן זיך צווישן פֿייער־שטיינער.
אַלע הערן די פֿייערדיקע ווערטער פֿון ריוועלע דער קליינער — — —

לייבל מיין זון,
געדענק.

## א

פּיוויש באָלשעוויק גראָבט דעם אַקער איין.
די פערד גייען נאָך דעם בייטן־שניט אַליין.
פרימאָרגן־זון בריט.
פּיוויש ציילט די טריט.
ער חזרט מיט אונדז אויפסניי:
אַ יושרדיקע סיסטעם איז דער עיקר,
אַזוי לערנט אונדז מאַרקס דער טיפסטער דענקער,
דער גרעסטער חוקר.

מיט יעדן טאָג ווערט פּיוויש קאָמוניסטיש־פרומער.
אין פרימאָרגן־דעמער שאָקלט ער זיך פאַרטיפט
איבער מאַרקס קאַפּיטאַל.
ער ברומט איבער דער שווערער עברי
מיט טרויעריקע גמרא־טענער.
נאָך דער סאָציאַלער רעוואָלוציע,
וועלן אַרבעטער־היימען זיין פּראַכטפולע זאַלן.
סעודות וועט מען פּראַווען מיט כלערליי מאכלים,
ווי אויף רוישנדיקע באַלן.
אָבער די גלוסטנדיקע שפּייז וועט זיין
אַ שטאַפּל העכער צו דער פאָלקס־קולטור.
דער מענטש — דער בחיר היצירה,
וועט שפּינען די דורותדיקע, ליכטיקע שנור.

פּיוויש באָלשעוויק איז תמיד פאַרדמיונגט,
שטענדיק אין איילעניש, שטענדיק געפלויגן:
וואָרים די בורזשויען טוען, ווי פּיאַווקעס
דאָס בלוט פון די אַרבעטער זויגן.
ווי זיין טאַטע — דער הוסאַטינער חסיד,
רעדט ער מילד, באַטעמט און פּשוט:
גרויס און טיף זיינען די פאָלקס־נויטן,
ווי מעג מען גאָר אינזינען האָבן
צו צערטלען די אייגענע הויטן?

ב

סליחות־צייט, זיין פאָטער דער לאַנגער ביינוש
שפּרייזט שטיל־פאַרפרומט אין שטיבל.
שלייכט זיך פּייוויש דורך די הינטער גאַסן,
אין אים פאַרהוילט סוד פון אַלע געהיימע שליסלען.
די לאַנגע צוויטן פון זיין צעריסענעם כאַלאַט
ווישן די שטויבן, קערן די קויטן.
די מאַריש הריינע ברעכט די הענט:
ביינוש, וואָס לאָזטו אים אַרומלויפן
ווי אַ הפקרדיקער ווינט?
עס טשאַטעווען דאָך אים נאָך
די זשאַנדעמעריע־הינט!
חוץ מזה, איז עס דאָך אין די פּאָרכטיקע טעג,
דער יונג דאַרף דאָך שוין וויסן
וואָס מען טאָרנישט און וואָס מען מעג?
ביינוש הויבט די אַקסלען,
זיינע ליפּן מורמלען:
אַז דער יונג צו אַלע רוחות,
לאַכט פון אַלץ, אפילו פון־סליחות.
מען רעדט אויף אים, אַז ער גייט שפּאַצירן
מיט שניידער־מיידלעך געאָרעמט,
און קעגן מלכות רק ער שטורעמט.
ער אַליין גייט אין צעריסענע מכנסים
איז ער נישט מתרעם.
די וועלט, ליאַרעמט ער, פירט זיך נישט כהוגן.
אָן יושר האָט זי נישט קיין טעם.
גיי האָב טענות צו אַזאַ תם? —

העשעט די באָבע פּעשע:
ביינוש, דיין פּיוויש איז אַן ערלעך קינד,
אַלאַ דאָס וואָס ער ברייעט עפּעס פון מאַרקסן דעם חוקר,
איז דאָך עס וואָר די וועלט איז פול מיט שקר.
און פּיוויש שפּרייזט אַזוי אין דעם צעלעכערטן, לאַנגן כאַלאַט
אין חמימה׳דיקן תמוז, אין פּראָסטיקן שבט.
דער שמש קלאַפּט, וועקט צו סליחות.
און פּיוויש פּויקט דריימאָל אויף אַ לאָדן.
די נאַכט מיט סכנה איז אָנגעלאָדן.
ער שאָטנט זיך אַריין אין שלום קאָניוכס שטאָל.
אַ דרינגענדיקע פאַרזאַמלונג היינט:
קאַמפּס־גרופּן און אַ דיסקוסיע וועגן רעוואָלוציע און אידעאַל —

ג

אַ חלבן ליכטל צאַפּלט,
מלכהלע שלום־קאָניוכס טאָכטער
איינגעהילט אין דער מאַמעס געבלימלטער שאַל
שפּיצט אָן די אויערן צו פרעמדע, לאָקערנדיקע טריט.
פּיוויש פון אייגענע ווערטער דערהיצט,
רעדט וועגן לעקערט, באַטווין און ברוך שולמאַן.
דאָס גאַנצע שטעטל — איין אָרימאַן.
דאָס בלוט פון ייד, אַרבעטער און פּויער
געגאָסן, ווי אין אַן אָקסן־קאַן.
העלדנמוט חברים, פאָרויס אין קאַמפּן!
פריי מוז ווערן יעדער ערדן־שפּאַן!

דאָס ליכטל צאַפּלט אויף, ווערט פאַרלאָשן.
אַלע ווערן מיט פינצטערניש פאַרגאָסן.
איינציקווייז שאַרט מען זיך אין קילן דרויסן אַרויס.
פּיוויש שפּרייזט צו דער הוסאַטינער־קלויז.
ער וויל הערן דעם טאַטן סליחות זאָגן,
אויך דער טאַטע אויף צרות־הכלל טוט קלאָגן.

ד

דער באגין בלאסט אויף די שויבן.
קילער אלולדיקער אינדערפרי הויכט
אויף קרומע דעכער, אויף געהארבעטע שטובן.
צום לאנגן ביינוש ביים עמוד,
גרייכט פייוועשס קול פון צווישן
גרויסן, בעטנדיקן עולם.
אצינדערט זינגט זיך אים,
כליפעט זיך אים געשמאקער.
די תפילות רייסן זיך פון די טיפן.
אין זיין זונס אנגעווייטיקט, איידל הארץ
טוען זיי רופן.
גרויס דערבארעמדיקייט ווארעמט
זיין פאטערלעך, צעבראכן געמיט:
אב הרחמן, פארגיב די זינד,
ווארים רעכטפארטיק און אויסדערוויילט
איז יעדער איינציקער ייד . . .

פייוויש געדענקט, רעליגיע איז אפיום פארן פאלק.
וואר, מען דארף אין מח פון פשוטן מאסע־מענטש,
וועגן דער דאזיקער פראגע מאכן א טאלק.
פונדעסטוועגן פילט ער, אז ער זינדיקט נישט
קעגן דער רעוואלוציע און דעם פראלעטאריאט,
ווען ער וויינט בא יעדן טרויעריקן, פארטרערטן בלאט.
ווארום אויך א שטיין קען דאך צעגאסן ווערן פון געוויין,
ווען מען ווייסט פון די באצערטע ווערטער דעם מאנענדיקן פשט.
דערצו פילט ער, אז ער טאר זיין טאטן נישט מצער־זיין.
דער טאטע א פארהארעוועטער, דורכגעליטענער ייד.
אויף די אלטע, אויסגעטראטענע דרכים גייט ער ערלעך, ריין.
תמיד איז ער טרויעריק, פארטראכט, גוט און פרום.
פון זיינע נשמהדיקע, ווארהאפטיקע מעשים,
שטראלט דער מענטש אין העלער, רחמימדיקער שיין.
אויך ער וויל מתקן־זיין די וועלט,
וואס איז פאלש, גזלניש און קרום —

די מאַמע ברײַנע אין דער װײַבערישער שול,
הױבט אָן פֿון פֿרײד הױך צוהעשען
מיט פֿאַרטרערטן בליק װאָרעמט זי פּיװױשס געזיכט,
אױפֿגעהײַטערט פֿינטלט זי צו דער באָבע פּעשען.

ה

אהײם גײען אַלע צוזאַמען.
פּײַװיש טרעט שװער, פֿאַרטראַכט אין קילן באַגין.
עס טרערן די אױגן בײַ דער מאַמען.
דער טאַטע טענהט צו אים פֿאַרטרױליך, באַהאַרצט:
דער מקור פֿון דער פֿילאָסאָפֿיע איז יאוש.
דרום בלאָנדזשעט אַצינדערט אָן אמונה אַרום
דער משכיל חיים־הערש.
און כאָטש דער חוקר משה מענדעלסאָן
איז לפֿנים געװען פֿרום,
האָט ער געהאַט אַ גוף און אַ נשמה פֿון אַ הױקער.
ער — אַלע בערלינטשיקעס זײַנען שמד און טמא.
דער ייד װאָס גלױבט, רײניקט זיך אין יסורים,
האָפֿט און װאַרט.
פֿאַרװאָר, עס איז דאָך קלאָר:
די װעלט איז פֿאַרפֿלײצט
מיט זינד און מאָרד, װי סדום.
און כאָטש משיח איז נאָך אַלץ אַ בעטלער
בײַ די אַרײַנגאַנגס־טױערן פֿון רױם,
קען ער קומען די רגע, יעדן טאָג, דאָס יאָר,
און אױב חלילה נישט — איז איבעראַיאָר — — — —

די באָבע פּעשע זיפֿצט, שעפּטשעט פֿרום.
אין ר׳ מאיר בעל־הנס פּושקע
איר פֿאַרזשאַװערטער דרײַער
קלינגט קופּערדיק, הױך:
אױ, מעכעלע שוסטער איז געבעך אָרעם, װי די נאַכט.
מען דאַרף אים אױעקטראָגן
אַ פּערטעלע עופֿ, אַ טעלערל יױך —

פּייוויש טרעט טרויעריק, פֿאַרטראַכט אין שטילן באַגין.
גלעטנדיקע פֿינגער — די ערשטע, ווארעמע שטראַלן.
ווייטיקדיק ברענט דאָס נאָדלדיקע דאָרן־געשפּין.
באַ אויסגעהוילטע פּלויטן, באַ קילע, מאָכיקע שטאַלן.
פּייוויש פּיינלעך־פּאַרקלערט:
משיח, רעוואָלוציע — אָט גאָר נאָענט,
אָט אָפּגעשטויסן, ווייט.
איינמאָל איז לענין געקומען
צו דער רעכטער צייט —

און די באָבע פּעשע זיפצט, שעפּטשעט פרום.
ווי תמיד, מיט אַ געבעט זי טרעט אַריבער די שוועל:
גאָטעניו, פרייִלעכקייט זאָל הערשן אין דעם דאָזיקן הויז.
און נחת, און פרידן זאָל דיך דינען מיין זעל —

איבערן שול־דאַך.
די זון שטייט פּלאַמיק, הויך.
אויף אַן אָפּגעבלעטערטן בוים
אַ וואָרנע שרייט:
פּייוויש פּיינלעך־פּאַרקלערט:
אין לעצטן שטרייט,
וועט אַ לענין קומען
צו דער רעכטער צייט? — — —

ו

גלעקער קלינגען אויפן קלויסטער־טורעם.
די ברוינע רוצחים דאָס שטעטל באַצווינגען.
די זון רויכערט הינטער וואָלקן־שירעם.
באַ דער פלייצנדיקער שליוזשע סמאַליעט די וואסער־מיל.
געהאָנגענע יידן קאַרטשען זיך אויף באַטשוועקעטע דראָנגען.
די ערד איז קלעפּיק, ווייך — אַ פאַרבלוטיקטער דיל.
גרינענדיקע לאָנקעס, בליענדיקע סעדער
אין פּיין, אין שרעק שרייען.
אין ליידיקע שטיבער, אין אויפגעפּראַלטע שטאַלן
פלאַקערדיקע ווינטן וואָיען.
בלוטיקע שטראָמען אין טיפע, טונקעלע ברונעמס,
אין לויטערע, קילע קוואַלן.
און פייוויש באָלשעוויק מיט די פּאַרטיזאַנען אין וואַלד:
חברים, דער נאַצי־וואָלף פּאַרצוקט און ווערט נישט זאַט.
דאָס שטעטל־יידן פירט מען גאַנצפרי צו דער שחיטה אַרויס
אַרום אַלטן בית־מדרש, באַ דער הוסאַטינער קלויז.
עמעצער מוז מיט דער עדה זיין.
עמעצער מוז איינעם מיט זיי אַקעגן טויט שטיין.
עס איז אַ זכיה לעצטע טרייסט צוטראָגן.
דעריבער חברים, כ׳בעט באַשטימט מיך מיט דער עדה צו גיין.
טריפן טרערן אויף זייערע הענט.
הייליקער צאָרן אין זייערע אויגן ברענט — — — —

ז

אין טויאיקן באגין,
אין יאָמערדיקן גערדענג,
פייוויש רופט צווישן צעוואָלגערטע בענק:
ברידער יידן, זייט שטאַרק!
דער נאַצי־וואָלף, דער מאוסער שפּין,
חרובט, שיסט, הענגט!
אָבער דו טייער פאָלק מיינס,
דעם רוצח אייביק געדענק!
ביזן צענטן דור
אונדזער בלוט נישט שענק!

דער נאַצי ברילט.
ווי אויף אַ ברעט
ער טרעט אויף דער מאַמע בריינעס
קליינעם, צאַפּלדיקן גוף.
בליצנדיקער זון־שטראַל
שפּיזלט שאַרף און שפּיציק...
אַנגסט־געשריי שווידערט אין אימה׳דיקן סוף.
און דער לאַנגער ביינוש ציט זיך אויס
מיט זיין גאַנצער, ביינערדיקער גרויס.
אויף אים האָגלט די געקנופּטע קנוט.
פון זיין מויל פליסט דאָס וואַרעמע בלוט.
אַ צונויפגעקאָרטשעטער, מיט איבערגעבראָכענע ריפּן,
שעפּטשען פרום זיינע פאַרלאָפענע ליפּן:
אהיה אשר אהיה שטייט.
אין יעדן גלות איז גאָט
מיט אונדז געווען,
אונדזער פּיין געזען.
ישראל עולה תמימה —
צו דער עקדה אַלעמאָל אָנגעברייט...

דונערט פייוויש אויף די שול־טרעפ:
יידן, דורך די ליים־גרובן אנטלויפט!
ציטערט דער אָפּענער, פאַרקלערטער סטעפּ:
יידן, ראַטעוועט זיך!

רייסט אַרויס דאָס כלי־זין
פון די גזלנים!
באַ די פּאַרטיזאַנען
פלאַטערן רויטע, נקמה'דיקע פאָנען!

לויפן יידן דורך די לאָנקעס,
פויזען צווישן בלעזלדיקע קוואַלן.
יידן ראַנגלען זיך, שטרויכלען,
הויבן זיך אויף און פאַלן.
טרויעריק שאָטענען די וואַלד־טיפן.
דיביימער אין שרעק אַנטלויפן . . .
אויף די שטיין־שוועלן די וואַסערן רוישן.
די פרייע קינדער פון ישראל —
נאָכגעיאָגטע קנעכט פון לאַנד גושן — — —

אַ נאַצי צילט.
פייוויש אַ באַגאָסענער מיט בלוט
וואַקלט, פאַלט.
באַ זיין צוקאָפּנס די נאַכט קניט.
דאָס שטעטל זינקט
אין יאָמערדיקן געוואַלד.
דער קלויסטער־גלאָק
אימה'דיק קלינגט — — —

פייוויש עפנט די פיבערדיקע אויגן.
דער מאַמעס פּנים בלייכט.
דעם פאָטערס בלוט מישט זיך
מיט אירן אויס.
אין דער פינצטערניש אַ שאָטן שלייכט.
עמעצער פויזעט מיט אים צווישן רויכיקע זיילן.
קילע וואַסער־קוואַלן קוועלן.
אַנטפלעקט ווערן פאַרהוילענע, וואַלדיקע היילן.
און די ביימער רוישן, שאַלן — — —

## ע ל י ע  מ א י ר

א

די הענט הינטער זיך,
געבויגן ביז דער דיך,
בליפעט שטיל אַזוי אין שטיבל,
עליע מאיר דער דאָרפסגייער:
גאָט, דיין פאָלק אַ דערשראָקענע עדה.
מוטער און קינד — אין איין טאָג קוילעט מען ביידע.
שטענדיק מיט די פעק
צו פּלאָגנדיקע פרעמדן.
שטענדיק אויף די קעפ
אַש און זעק.
שרעק און ווייטיק אין אונדזערע לענדן.
וואוהין יאָגסטו אונדז, צו וועלכע ענדן? —

ליגט דער בלינדער פינחס
אויפן לאַנגן טיש, ווי אויף אַ מזבח,
און קרעכצט תהילימדיק למנצח.
דער הונגער שמעקט פון ברויט דעם ריח.
זיין פנים בלאַסט רואיק, ווייך.
בא די גערטנער שווענקט קלאָר דער טייך.

ב

אין רויכיקן שטויב פערד און וואָגן.
פון דער חורבה וויסטער קלאָגן.
מיט בעטגעוואַנט, ספר־תורות און גמרות
ליגט אויפן בית־הקברות
א האלב שטעטל באהאלטן.
טונקל קריכט דער טאָג צווישן ביימער־שפּאלטן.
הינטער מצבה־שטיינער,
ציטערניש אין יעדן אבר.

די הויכע גראָזן בײַ משיח'ס קבר
פֿאַרדעקן נישט די לעבעדיקע, בעטנדיקע בינטלעך ביינער.
נאַציס יאָגן, צילעווען, שיסן.
יידיש בלוט איבער גאַסן גיסן —

די הענט הינטער זיך,
געבויגן ביז דער דיך,
בליפּעט שטיל אַזוי אין שטיבל,
עליע מאיר דער דאָרפסגייער:
גרייט בין איך צום טויט.
זאָלן די רשעים, ווי ר' עקיבאַן,
רייסן מיט אייזערנע קאַמען
מיין לייב, מיין הויט —

בײַ דער וואַנט שווער געראַנגל,
שאַרפער קלונג פֿון מעסער־קלינגל.
עס גיט אַ פּראַל זיך אויף די טיר.
עליע מאיר שטאַרט אויף דער ביקס, אויפֿן פֿאַרבלוטיקטן שטאָל:
מיט געהרגעטע יידן איז פֿול דער בלאָטע־טאָל.
גאָט, שפֿך חמתך על הרוצחים,
נעם נקמה פֿון די אכזרים,
פֿאַר אַלע יידן און פֿאַר מיין ברודער אפֿרים.

דער באַגנעט בויערט זיך אין אים אַריין.
אין ווייטיק פֿאַרקלעמט די וועלט בלייבט שטיין . . .
דאָס טריפֿנדיקע בלוט טובלט זיין געביין.
עליע מאיר אַ קרבן תמים — גאַנץ און ריין,
קלאָגט אין דער חורבה די שכינה אין שטילן געוויין — — —

## האַרבסט

די פענצטער מיט פינצטערניש באַשלאָגן.
שווערע, האַרבסטיקע רעגנס שלאָגן.
אויף די ווענט שאָטענען נאָענטע געשטאַלטן.
טרויעריק־בעטנדיקער גמרא־ניגון
ציטערט אַרויס פון בית־־מדרש־שפּאַלטן.
וואָס איז דאָס חידוש!
יידישער בטחון אין די דפים באַהאַלטן.

פון אָרעמען אַרבעטער־פאַריין
זינגען די קאַמפּס־לידער
פון די העלדישע אַרבעטער־ברידער.
וואָס איז דאָס וואונדער?
פרייהייט־געזאַנג אויפגעפלאַקערט
אין פּשוטע הערצער פון פאָלקס־קינדער.

די שאָטנס מאָלן
שוידער־בילדער.
ווי קען א מענטשלעכע האנט,
פון אזא גרויסן גרויל —
זיין א שילדערער?
אין טרויעריקן הארבסט, אין קאַלטן,
טרייבט מען זיי צום בית־מדרש צום אַלטן.
הענט צעבראָכן, קעפּ צעשפּאָלטן.
ווארעם בלוט טריפט.
דער נאַצי־רוצח אין הערצער צילט.

די בחורים און מיידלעך
פון ביבליאָטעקן און אַרבעטער פאריינען,
שטענדיק די ערשטע אין קאַמף צו דערשיינען.
זייערע ערלעכע געזיכטער,
די צויבערדיקע, יידישע חנען,
דאָס אָרעמע, פארחושכטע שטעטל
זיי באַשיינען,
זיי גייען א צינדערט צעבלוטיקטע
צום הריגה־טאָל.
זיי גייען און וויינען —

הארבסט, די פענצטער מיט פינצטערניש באַשלאָגן.
יאָמערדיקע, שווערע רעגנס שלאָגן.

## פאַרבלוטיקטע רויזן

### א

שאָטנס שלייכן.
פאַרטאָגן קלאָגן.
און די הימלען פּייכטן.
דאָס שטעטל, אָן יידן, איז דאָך תּהו ובהו.
וואָסזשע טויג דיר באַשעפער אַזאַ לערע וועלט? —
ווען די שכינה שוין מנוחה געפינען
אין אַזאַ וויסטער, טויטער רו? —
איך וועל ווי ר' מאירל חסיד דיך פרעגן
רבונו של עולם, נו?
אויף וואָס וואַרט מען דאָרטן אין הימל,
ביז איך, מאירל, וועל ווערן אַלט און גראָ.

### ב

האָסט נישט געהערט די תפילות
פונעם עם קדוש וטהור.
קופערן דאָס הארץ פון רחמים־טויער.
די יאָמערדיקסטע, רירנדיקסטע קינות
האָבן פולגעמאַכט די טיפסטע ברונעמס.
און דיינע קאַלטע, שטומע הימלען
האָבן נישט געעפנט קיין איינציק, בלויע שפּאַרונע.
האָסט געלאָזט פאַרדאַרבן.
האָסט נישט געוואָלט קיין כּפּר.
האָסט געוואָלט שמעקן
דעם בלוט־ריח פון נפש־קרבן!
פון דיין געליבט, אויסדערוויילט פאָלק
האָסטו געמאַכט עפר ואפר.

נישטאָ קיין שטיבלעך, קיין קלויזן.
אין שול־גאָרטן ברענען רויטע רויזן — — — —

## שטייט אויף יידעלעך לעבודת הבורא

אלול, סליחות־טעג.
די יידן פון שטעטל שלאָפן אינעם טאָל פון טויט.
דער מאָרגן גייט אויף, ווי תמיד, קיל און רויט.
די פאַרבלוטיקטע גראָזן וועלקן אין גאָרטן.
דער שמש הענגט אויפן דראָטן־פּלויט.
הונגעריקע, שרייענדיקע וואָרנעס שיילן זיין הויט.
ווער־זשע וועט די טויטע וועקן ?
ווער וועט זיי רופן גאָט צו דינען ?
דער אַלמעכטיקער קאָן נאָך חלילה
אויף דער עדה צערנען און שטראָפן ? . . .
יידן, וואָרים טוט איר דרימלען, שלאָפן ? — — — —

דער שמש איז טויט.
איך וועל אייך וועקן,
איידער עס פלאַמען אויף
די ערשטע, רויטע מאָרגן־פלעקן.
ליבע יידן, הערט איר דען נישט,
ווי איך קלאַפּ אין די לאָדן ? . . .
ערו נאָ, עמדו נאָ, התעוררו לעבודת הבורא,
שטייט אויף, שטייט אויף יידעלעך לעבודת הבורא.
שטייט אויף, שטייט אויף, צו סליחות.
גיסט אָפּ נעגל־וואַסער און זאָגט די ברכות.

קיינער וועקט זיך נישט.
די בליצלאָמפּן ברענען נישט אין שטיבלעך,
אין בית־מדרש, אין דער אַלטער שול.
גאָט וואַרט אויף זיין רחמים־שטול.
די תפילות הויבן זיך נישט אויף די שטאָפּלען.
דער וואַלד סוחר משה שמואל שטאַרט מיטן פּנים אַרויף.
זיין צונג — אַן אָפּגעדרייטע שרויף.
די פאַרגליווערטע הענט — צוויי זשאַווערנדיקע גאָפּלען.
איך האַמער אויף די פאַרהאַקטע לאָדן:
אחת ושתים.
אימהדיקער ווידערקול שרייט
אין שרעקנדיקער הוילקייט.
אין מאַרק וואַלגערן זיך יידן, ווי געקוילעטע שאָף.
איך פאַל אויף משה שמואלס צעבראָכענעם גוף.
מיינע טרערן פייכטן אויף זיינע קאַלטע ברעמען.
וואוהין לויפן?! פאַר וועמען רחמים בעטן?!

אחת, שתים
שרעקנדיקע קלעפּ אויף טויבע לאָדנס.
גאָט, פונדאַנען איך וויל זיך מערנישט רירן.
פאַרשטייף דעם האַמער אין מיינע וועקנדיקע הענט,
דאָס בלוט אין מיין גוף טו פאַרפרירן.
איך וויל ליגן לעבן משה שמואלן.
איך וויל רוען אין טויטן־טאָל,
צוזאַמען מיטן דאָזיקן, הייליקן קהל.

### ווײ איז מיר . . .

דאָס שטעטל פֿאַרברענט.
שטיקער, הײליקע פּאַרמעטן —
פֿאַרגליוועטע, ייִדישע הענט.
אַ שכורער נאַצי טאַנצט אין משה שמואלס קיטל,
ער פֿאַרשאַרט אַ בלוטיקן פּלעק מיטן סטאַטוטן־ברעטל
פֿון דער ייִדישער, אַרבעטער ביבליאָטעק.

אויך אויף מיר איז אַרויס דער גזר,
פֿאַרטיליקט צו ווערן פֿון די נאַצישע גזלנים.
קײנער זאָל נישט װיסן פֿון מײן געבײן.
בײַ מײַן צוקאָפּנס זאָל נישט זײן
קײן מצבֿה־שטײן.
ווערזשע האָט אָפּגעשריגן פֿון מיר
דעם פֿינצטערן גזר ?
אין וועמענס זכות ?
פֿאַר וועלכן שכר ?
אפֿשר בין איך גאָרנישט ראוי געווען,
אַז מיט מיר זאָל דאָס זעלביקע געשען ?
גאָט, ווײ איז מיר
פֿאַר אַזאַ דערבאַרעמען,
פֿאַר אַזאַ באַשירעמען ! —

## פיר צדיקים גייען אין שלאַכט

(פּ אָ ע מ ע)

א

גאָלדענער תמוז־טאָג די דאָרפישע, שטרויענע דעכלעך בריט.
ר׳ לייב שרהס שפאנט אויפן הייסן, זאמדיקן וועג אינדערמיט.
אזא לייטערנדיקער ברען אין יעדן גליד.
אָט באלד איז די קרעטשמע, אין דעם מקום וואוינט א ייד.
אליין הויבן זיך די פיס, דער וועג אונטער אים פליט...
אויפן בערגל פאָכעט די אַלטע ווינט־מיל.
אונטן רוט דאָס שטעטל אויפן בלאָטיקן דיל.
באנאכט, אין שטיבל מיט אנשי־שלומנו אין א מסיבה.
דער הימל קלאָר און ברייט, די שטערן פאָרכטיק און ווייט.
אין דעם פאראומערטן געמיט קוועלט דעם בעשט״ס חיבה.
כביכול אליין שעפּט תענוג פון דער זינגעוודיקער חברותא.
כנהוג, וועט ער נישט איבערהיפן די קרעטשמע.
ער וועט אָנקלאפּן אין לאָדן, זאָגן שלום
און מיטנעמען א קווערטל בראָנפן, מאָן־קיכלעך און א האָניק־פלאָדן.
ר׳ לייב שרהס מורמלט:
איך זאָל נאָר חלילה א וואָרט נישט פארלירן
פון בעשט״ס תורה, פון דער פלאימדיקער מעשה.
אוי אזא נחת, אין דער פארהוילנקייט גאָטס גרויסקייט צו אנטפּלעקן.
א פּאָר סאנדאלן, טלית און תפילין אין זעקל, און א דעמבעווע שטעקן.
איך טו פון יידישע הערצער דעם צער אָפּמעקן.
הייליק דאָס שליחות, מלחמה מיט אלע טמא־כוחות.
מלחמה מיט דער רשעות, מיט די בייזע רוחות.
דער בעש״ט פירט פון דער בלאָנדזשעניש אונדז ארויס.
מיט גאָטס חסד ער וועט אונדז דערפירן צום יום שכולו טוב,
ישראל צו גאולה אויסדערוויילט, גרויס.

יידן ווע‍לן מער נישט וויסן פון קיין שעבוד,
פויערים פון קיין עבדות, פון קיין געוויין.
דאָס איז פון דער פלאָיסדיקער מעשה דער מיין . . .

ר׳ לייב שרהס זוכט דעם קרעטשמערס הויף.
נישטאָ קיין פאַרקן, קיין פאַרזשאַווערטע שרויף.
וואָס פאַר אַ מעשה נורא איז דאָ פאַרלאָפן ?
ווער האָט דאָ פלוצלינג אַזאַ וויסטעניש אַראָפּגעוואָרפן ?
ר׳ לייב שרהס רואיקט זיך אַליין איין :
געוויס, משמים די שטראָף.
דער קרעטשמער איז נעבעך געוואָרן אַ נשרף.
מסתמא האַלט ער זיך אויף אין שטעטל
באַ זיין קרוב, ר׳ יאָסעלע דעם רבס.
ער איילט נישט מער, דער קאָפּ פינצטער, שווער.
באַצערט לאָזט ער זיך צו דער לאַנקע אַראָפּ.
ער איז שוין אַריבער דאָס בלעזלדיקע טייכל.
תמיד, שימערט דאָ אויף די שויבן פאַרנאַכטיקער, פאַרבענקטער שמייכל.
דער וויים־געטינקעוועטער מויערן־ציגל — אַ פייערדיקער שפּיגל.
דער פאַרטראַכטער משה־שמואל שאָטנט אין טונקעלן ליקל.
ער איז דער ערשטער וואָס פעדערט צו מנחה.
ער איז אַן אמתער חסיד, ער דינט דעם אויבערשטן
מתוך אהבה ושמחה.
וואוזשע זיינען דאָ די הייזער ?
קוילנשוואַרץ רויכערט זיך דער וועג.
אויפן ראָטהויז שאָטענען נישט די ווייזערס !
וואו באַהאַלטן זיך די קינדער ?
אפילו אין די שטאַלן ריטשען נישט די רינדער ?
וואָס זיינען דאָס פאַר אַ בייזע וואונדער ?
איז דאָס חס ושלום אַ פאַרבלענדעניש ?
אין מחשבות אַ פאַרבלאָנדזשעניש ?
פלוצלינג — רוצחיש־געשריי הילכט אויף.
אַ פאַרטויבנדיקער קנאַק.
די פיס האַקן זיך אונטער.

אין ליקל, מיט אַ פאַרבלוטיקט פּנים
משה־שמואל פאַלט אויפן שווערן טלית־זאַק — — —
אַרום שטאַרן איבערגעבראָכענע, הילצערנע רוקנס.
זיינע הענט קרישלען פאַרשרפהטע באַלקנס.
ר' לייב שרהס לויפט צום שול־הויף אַרויף.
פאַר עמעצן איז דאָך געווען אַן אַנטלויף?
וואָס איז דאָס פאַר אַ פינצטערער גזר?
איז דאָס פאַר עבודת־הבורא דער שכר? — — —

ווייסט און לער.
אויסגעקרומטע פּרצופים.
בלוט און פאַרשטאַרטע גופים.
פאַרכטיק, אין די צעריסענע גמרות
בלעטערן אַליין זיך די דפים.
טליענדיק פייער זשיפּעט.
איבער די פאַרשענדטע געשטאַלטן,
פון דער צעלעכערטער ערד,
פון די שוואַרצע שפּאַלטן
שלייער־שאָטן היפּעט.
ר' לייב שרהס צעוויייטיקט געזיכט בליפּעט:
אַזאַ פאַרגליווערנדיקע, ווייסטע מראה,
גאָט, דיין פאָלק האָסטו געמאַכט
כּפרה דערעאַ!

ר' לייב שרהס טוט פון אָרט זיך אַ ריס.
די איינגעמידטע פיס באַדעקט מיט בייל.
אַזויפיל יאָרן, אַזוי פיל מייל,
ער דאַרף ווידער איילן,
ער דאַרף ווידער ציען אויף קריק.
ער דאַרף ווידער נעלם ווערן הינטער דער לאַנגער בריק...
ער וועט נישט בעטן די צדיקים זיי זאָלן זיך מיען.
ער לויפט נישט קיין שלוהדיקע קברים רייסן.
ער וועט די צדיקים פון זיסן דרימל אויפרייסן:
זאָלן זיי אויסטאָן די לויטערע קרוינען.

ווי קענען זיי גאָר אצינד אין גן־עדן וואוינען ? . . .
זאָלן זיי אויפשווידערן פון דער פייער־כמארע.
זאָל א זעץ טאָן פון געהרגעטע יידן
די לעצטע, גוססדיקע פארע.
זאָלן זיי זען פון דער שול
איז אפילו נישט געבליבן קיין איינציקע טרעפּ.
אָרום חשכות, וויסט און לער — דאָרנדיקער סטעפּ.

י.

הארציקע, ליכטיקע בעש"ט, ר' לוי יצחק בארדיטשעווער און רבי ר' בער,
איך טו אייך דאָ אצינד טאָן א באַשווער:
שטייט אויף, קומט ארויס אהער!
און דו שוסטער־יונג הערש לעקערט,
וואָס האָסט זיך מיט דיין אייגן בלוט מטהר־געוועז,
וואָס האָסט דיין יונגלעבן אוועקגעגעבן דער גערענקענדיקער אייביקייט
פאר פאַרפייניקטע, געשמיסענע ארבעטסלייט.
זאָלסט פון ווילנער־שלאָס־בארג אויפשטיין
און מיטגיין!
זע וואָס איז געוואָרן פון דיינע קאמפּס־טרוימען.
טויט־דערשלאָגענע וואלגערן זיך דיינע ארבעטסלייט
אָרום דעם קאַלטן, אָפענעם, שווארצן מויל
פונעם שטאַרצנדיקן פאבריק־קוימען.
נעם מיט, פון דער תליה דעם ווארג־שטריק.
דורך די קריעה־ריסן פון דיין גאולה־פאָן
בלוטיקן די אויסגעריסענע אויגן פון קליינע קינדער.
קום ארויס פון דיין שיינענדיקער פארבאָרגנקייט,
קוק, זע דעם סוף פון דיינע ארבעטסלייט.
פון אַלע צדיקים — דער גרעסטער קדוש וטהור,
דערשיין, גיי פאָרויס!

ג

די חברותא קריגט פונעם בעש"ט רשות.
עס פּראַלן זיך אויף איינגעזונקענע בערגלעך־גראָז.
די תּלמידים רייסן איין די ווייסע קיטלען,
טוען אויס די פינקלענדיקע קרוינען.
זיי שלייכן און שטוינען.
דער בעש"ט אין פּראָסטן פּעלצל,
אין זיין האַנט אַ ברענענדיק העלצל.
שטאָקנאַכט, דער שומר פון ישראל וואַכט?
זיי שלייכן אין חשכות, ווי אין אַ שוואַרצן טייך.
די ערד גריבערדיק, זאַמדיק, ווייך.
פאַרקלערט, פאַרטרערט דער רבי ר' בער.
בליפּענדיקער ווינט פּאַכעט די אויפגעריסענע קיטלען.
אַבלדיק באַמבלען זיך די שטריימלדיקע היטלען.
בעסער וואָלטן די אויגן אויסגערינען,
איידער אַזאַ פאַרוויסטקייט צו געפינען.
אין מיינע טעג אַזאַ באַלעבטער וועג.
אינמיטן ברייטע, גאָלדענע פעלדער
פון אוקראַינע און וואָלין,
פּרוכפּערן זיך יידישע שטעטלעך.
אַ שפע באַ דאָרפס־יידן, באַ קרעטשמערס
אויך אין פּוילן פון זאַמאָשטש ביז לובלין.
אין ווינטער־נעכט, באַ חלב־ליכט, באַ לעמפּלעך,
באַ אָפענע זשאַרענדיקע אויוונס, באַ העלצלעך קין,
חסידים ווערן נתעלה דורך מעשׂות,
די פאַרבענקטע, לעבצנדיקע אויגן בריען.
מיינע תּלמידים אַרום מיר.
יעדער מיט זיין ליבשאַפט, יעדער מיט זיין הייליקן באַגער.
יעדער אויף זיין דרך, לויט זיין מדרגה גאָטס וואָרט דערשפּירט.
אויסגעפּרואווטע, איידעלע יידן — לומדים.
פּשוטע, פאַרשטומטע געמיטער, דאָרפס־יידן מיט פּראָסטע פּעלצענע בגדים —
פאַרהאָרעוועטע, פרומהאַרציקע, אויסגעפּייניקטע און פאַרשעמטע.

אלץ וואָס די תמימים באַגערן — אַ היימלעך, וואַרעם וואָרט
די שטומע בענקשאַפט צו דערנערן.
יידן זוכן אַ חיזוק, ציען צום צדיק,
ווי צום שיינענדיקן, לויטערן פלאַם.
צופוס, מיט טלומעקלעך אויף איינגעבראָכענע פּלייצעס.
אויף וועגענער אין סויבלענע טולופּלעך,
אַלע קומען אויסגיסן דאָס האַרץ, פרעגן עצות.
וואָרים, יידן ראַנגלען זיך אין יסורימדיקן ים.
די געמיטער זיינען אָנגעטרונקען מיט טרערן.
וואַרעמען מיר זיך ביים אויפלויכטנדיקן, שטילן זשאַר.
אַ פּשוטן יידן ווערט גרינגער יעדן טאָג אויף משיחן צו האַרן.
און יידן האָפן צום באַשעפער, פאַרן רבונו של עולם
לערנען זיך חסידים חדוהדיקע ניגונים באַ היידעמאַקן.
מונטערן זיך מיט רקודים פון פויערישע קאָזאַקן . . .

פאַרקלערט, פאַרטרערט איז דער רבי ר׳ בער :
עס איז גערמאַניע דער שפּאַרבער,
דער אכזריותדיקער פאַרדאַרבער.
ווי אַזוי האָט דער גערמאַניער דערגרייכט
קיין אוקראַינע, אַזש ביז אַהער ?
מיט וועמענס כח האָט ער זיך דורכגעבראָכן פון בערלין
קיין פּוילן, קיין וואָלין ? ! — — — —

יאָ, בעת מיר האָבן זיך געריכט משיחן ברענגען.
האָט דערוויילט דער פּרייסישער צורר אויסגעגליט פאַר יידן טויטן־צוואַנגען.
נישטאָ קיין יידישע שטעטלעך, קיין חסידים־שטיבלעך.
די יידן הוידען זיך אויף תליה־שטאַנגען.
די הייליקע ספרים אַליין וועלן
גאָטס קוועלנדיק וואָרט נישט אויפזינגען.
צו הייליקן דיין נאָמען זיינען מיר אין אַלע דורות
אין וואַסער־תהומען געשפּרונגען,
די פייער־טיפן דורכגעדרונגען.
געלייטערטע, באַנייטע זיינען מיר אַרויסגעקומען.
יעדעסמאָל נייע שטאַרקייט אין זיך געפונען.

אין אַלע וואָגלענישן דיינע תורה־פאַרמעטן מיטגענומען.
בטחונדיקער ניגון אויפסניי האָט אויפגעקלונגען.
ועתה — אצינדערט,
געבליבן איז איינער פון הונדערט.
די שוכני עפר ווארטן נישט אויף אליהון דיין שליח.
די טויטע יידן וועלן נישט אַקעגנגיין דעם צוגעזאָגטן משיח.
פאַרוועמענזשע האָסטו אָנגעגרייט דעם יום שכלו טוב ?
דיינע יידן שווימען אין אייגן בלוט אין געטאָ־הויף.
גאָט, טרייסל אויף די גרונטפעסטיקע זיילן פון דער וועלט,
צעשפּאַלט דעם הימל מיט פייער־שווערד,
זאָל ווידער ווערן וויסט און לער.
פינצטערניש און וואסער זאָל באדעקן דאָס פּנים פון דער ערד !

— — — — — — — — — — — — — — —

דער בעש"ט שלייכט.
פון די תלמידים, ווי אָפּגעווייכט.
ער הויקערט זיך אין פּעלצל.
אין זיין האַנט צאַנקט דאָס קין־העלצל.
טוט ר' לוי יצחק זיך אויף די חורבות אַ וואָרף :
גאָט דערבאַרעמדיקער, דיין פאָלק ישראל ווי תּמיד,
ריין און גאַנץ, ווי אַן ערשט־געבוירענע שאָף.
עס האָט נישט פאַרדינט קיין שום שטראָף !
אויב אין דיינע אויגן געוועזן זיינען זיי פול מיט זינד,
האָסטו זיך געדאַרפט דערבאַרעמען,
ווי אַ פאָטער אויף זיין פאַרוואָגלט קינד.
זיי דאַרפן דיך אצינד מערנישט דינען.
אַן אַנדער אומה קלייב זיך אוים !
אַזאַ ערלעך, פרומהאַרציק פאָלק קענסט דען
ערגעץ־וואו געפינען ?
איך קלאַפּ אין די טויערן פון רחמים !
אָ, ענטפער, פון די הימלען באַשעפער !
האָסט פון יאָמער־טאָל זיי נישט ארויסגעצויגן.
ישראל פאַרשניטן דורך גערמאַניעס סמיקן פייל און בויגן.

הלואי, וואָלט איך לכתחילה געוואוסט, אַז אומזיסט
איז מיין אויסטענהן זיך מיט דיר.
אַז נישט מיט תפילות און תחנונים וועל איך אויסבעטן
דיין באַשיצן די אָרעמע, פאַרלאָזענע קהילות.
צוליב דעם האָסטו מיט אונדז אַ בונד פאַרשניטן,
דורך עשוש הענט זאָל אייביק אונדזער לייב ווערן געשניטן ?
צוליב דעם האָבן יידישע קינדערלעך בעלות
לעבודת הבורא זיך געטאָן פעדערן,
זיי זאָלן זיך וואַלגערן אין די מאַרקן
מיט איבערגעהאַקטע אָדערן ?
רבונו של עולם,
וואָס פאַר אַן אַנדער אומה וועט דיך אַזוי בלב ונפש דינען ?
אַזאַ פאָלק אָן אַ פּגם, וועסט דען ערגעץ־וואו געפינען ?
פאַרוואָס האָסטו זיי איבערגעענטפערט צו די שעכטער פון סדום ?
וואו וועסטו קריגן אַצינדערט אַזאַ פרומהאַרציקע, תמימותדיקע עדה ?
וואו וועלן מיר זיך אַהינטאָן — יאָ, מיר ביידע ?
אין יעדן דור פירסטו דיינע יידעלעך, פאָטערס און זין, מוטערס און טעכטער
צו דער עקדה.
וואָרים אברהם איז געגאַנגען פון לאַנד צו לאַנד,
און גרויס געמאַכט דיין נאָמען אויף דער וועלט.
יצחק איז די געבונדענע לאַם,
יעקב לערנט תורה אין אַ פאַסטוך־געצעלט.
יעקב אַן איש תם, ער איז דער היטער
פון געבענטשטן שטאַם...
שמעקט זיין קרבן־לייב אין פייער־פלאַם.

איך וועל דאָ ליגן אין דער בלוטיקער, בלאָטיקער ליק.
ענטפער, מיט וועלכן שכר וועסטו אונדז דאָס צאָלן צוריק ?
זאָג, ווער האָט דיך אָנגערעדט און דיך איבערגערעדט
צו אַזאַ צאָרנדיקן גזר־משמים ?
פון ר׳ לוי יצחקס יאָמערדיק פנים גיסן פלגי־מים — — —

ד

דאָס קינדל־ליכט
צאַנקט אויפן בעש״טס געזיכט:
די גאַנצע וועלט רחמים אין יענדרוכס האַנט,
ווען ער ברענגט אין שטעלעכל היי צום בהמהלע באַ דער וואַנט.
יעדער דאָרפסגייער; יעדער דורכגייער
בראָט קאַרטאָפּליעס אין זיין אייוועלע.
אַ קובל קוואַליק וואַסער
ער טראָגט אַקעגן יעדן מידן.
אויף זיין פרישן שטרוי־זאַק שלאָפן פאַרהאָרעוועטע יידן.
זיין כאַטע מיט אַ זינקענדיקן פענצטער,
אויפן אויסגעהאַקטן שייבל — אַ גרינע לאַטע.
זיין וואַטואַוקע אָן וואַטע.
די פּיס געוויקלט אין פוילנדיקער שמאַטע.
וואָרים, די גאַנצע ליבשאַפט אין זיין געמיט.
ער דערשמעקט פון ביימער דעם טריפנדיקן כח,
אין די כוואַליענדיקע טייכן גאָטס פאָטערלעכע קראַפט,
אין די כלערליי פאַרביקע צמחים דעם מחיהדיקן זאַפט.
אין די פרימאָרגנס, טרעטן מיר ביידע
אין די באַגראָזטע טאָלן.
איבער דרימלענדיקע דערפער ווייסע קנוילן.
יענדרוך מיטן קאָפּ דעם בלויזן,
עס בלישטשעט אונדז אַקעגן דער טוי אויף די רויזן.

מיר זיינען צוויי פאַראָבקעס — שבירי־יום.
מיר שטייען אויף לעבודת־פרך,
ווען עס איז נאָך שוואַרץ דער הימל־זוים.
דער פריץ דער גאָט־פאַראַכטער
איז דער געביטער.
דער אָנגעפרעסענער גלח — גאָטס־היטער.
איז דען רעכט אַזאַ סדר אין דיינע אויגן?

די ערד איז דאָך דיין הייליק פוס־בענקל.
די ערד געהערט צום מענטשן,
ער זאָל אין ליבשאַפטן גאָט טוען בענטשן.
פּאַרוואָסזשע זאָל דער פּריץ
פרעסן און זויפן, ווי אין אַ ביר־שענקל?
דער פּריץ איז דער שטן,
אויף דער ערד דער בייזער שאָטן.
אין פויער מאָנט דער הייליקער באַגער.
זאָל קומען פאַר דיר זיין קרעכץ און טרער!
וואָרים, אין גרינעם גראָז, אין בלעטער־וואַלד,
אין הויכן קאָרן, דיין וואַרעמער אָטעם.
דיין שטראַלנדיק גענאָד שוועבט אום
אין פרידלעכן פרימאָרגן־זשום.
דער פויער אין לאַפּטשעס דערקענט
דיינע צייכנס אין דינסטן שאָרך.
אנטפּלעקט איז פאַר דיר זיין לויטער האַרץ
נישט אין צערקוועס, צווישן שטיין־ווענט,
אויף געפאַרבטע, באַבילדערטע שויבן.
נישט אויף גלאַנציקע קופּאָלן,
אויף פינגערדיקע, גילדערנע צלם־שפּיצן
קען מען דיין גרויסע ליבשאַפט אויסשניצן,
נישט פון דאָרט טוסטו שיצן.
נייערט דורך פּיין, דורך פּראַצע,
די האַנט גראָבט און גרעבערט
די פרוכט פון דער ערד.
אויף אָפענע, באַגראָזטע דרויסנס
גאָט דעם מענטשן באַגערט.
דאָס שטום, געבראָכן געמיט
אין טרייסט ער נערט.

יעדער שטרויכלונג — אַ צייכן,
יעדער ענדערונג — אַ באַווייז,
אַז די לײדנדיקע, פּראַצע־לײט
האָבן אַפילו אין גרייז נישט געגרייזט...
אַלע שטרויכלונגען זיינען שטאַפּלען
צו ווערן אויסגעלייזט...

אומעטום זיינען מיר געווען,
אויף אַלע אויסגעטראָטענע וועגן,
אויף מיענדיקע הענט
גאָטס־גוטסקייט געזען.
מיר ביידע — שנים,
באַהאָפטן מיטן פאָלק פון יגיעי־כפּים.
איינגעקרעמפּעוועטע אין רימענדן, אין גאַרטלען, אין שטריק,
מיט דער לאָפּעטע, מיט דער ווידלע, מיט דער גראַבליע, מיטן פלוג,
זים דאָס וואַסער אין ערדערנעם קרוג.
געשמאַק דער שוואַרצער לאָבן־ברויט.
מחיהדיק דאָס גרינע אַרבעס־שויט.
דאָס שמעקנדיקע היי אויף לאָנקעס,
דאָס שפּראָצונג אויף בייטן,
דער רויטער, האַרבסטיקער בלאַט,
די פּראָסטיקע ווייסקייט אין שבט,
אַלצדינג, איין גרויסער, ליכטיקער נס,
אַ געזאַנג יעדער מעת־לעת.
און בשעת יענדרוך רעדט צו דיר,
איז נישט אין אַ הויז, אין אַ ווינקל
באַ אַ קאָפּטשענדיק ליכטל,
צווישן די מלאכימדיקע געמעלן.
די איקאָנע איז אים מבלבל פון דער טיפער כונה.
ער טענהט צו דיר פון טרערנדיק געמיט:
גאָט באַהיט, דו אַליין די וועלט געביט,
די גאַנצע ערד און זיינע געשטעלן
דיין גוטסקייט טוט באַגערן.

און בלחש מיין טיפסטע תפלה:
זע די וועלט איז גרייט,
שיק דעם גואל, ברענג א גאנצע גאולה.
די יידן, די גויים — מעשי ידיך.
ווייז דיין גרויס דערבארעמדיקייט,
אני סרולטשע מבקש מפניך.
דער אָדלער, אויף די שפּיצן פון די בערג זיין וואוינונג.
די שרעק פאר אלע געפליגל, זיין גבורהדיקע קרוינונג.
דאָס שוועלבעלע בלוטיקט אין זיינע נעגל.
צו וואָס דארף זיין שפּייז זיין די זינגענדיקע פייגל? — — — —
און דאָבוש־גזלן וואָס לויערט מיט זיין באנדע פון פינצטערע היילן
אויף פארבאָרגענע שטעגן, אויף אָפענע וועגן,
גוט און ערלעך איז זיין ביטער הארץ.
דער צער, ווי טראָפּנס־רעגן
שלאָגט אין זיין אויפגערודערט געמיט.
דאָס לעבן — א שטיין אויף זיין לייב ארויפגעהויערט.
אייזערנע וואָגן אויף זיינע אקסלען ארויפגעשווערט.
דאָס אויער פון ברודער־פּויער קנעכטיש דורכגעבויערט.
מיטן שוויים פון זיין פּנים צו דער ערד באהעפט.
און די תבואה־זעק, די קארטאָפליעס־קערץ
צום ווילדן, באצווינגענדיקן פּריץ געהערט.
ראָבוש גזלן — א שטילער, גוטהארצעדיקער מענטש.
דער פּריץ האָט אויסגעהרגעט זיין הויזגעזינד,
צוגערויבט זיין שטיקל ירושה־פעלד,
די פּאָר שאָף, די לעצטע פּאָר רינד.
איז ער אצינד — צאָרן־ווינט.
דער פריץ אין די צוגערויבטע גיטער,
שמייסט אויפן הוילן לייב די פּויערים
מיט נאסע, געזאלצענע ריטער.
באהיט אים גאָט פון פּריצם סאָלדאטן,
פון זיינע בייזע, ווילדע הינט.
דאָבוש־גזלן איז גוט און גלויביק, ווי א קינד.

דער פּריץ אַ ווילדער רוצח:
יעדער ייד זיין אונטערטאַן.
יעדער שפּאַן — אַ טרערן־קאַן.
דער ייד דאַרף אויף דער ערד פאַר אים קריכן.
יעדן טאָג ער טוט אונדז פּאַרמיאוסן.
גאָט, פון אונדזערע יסורים טוסטו דאָך וויסן,
וואָרום טוסטו מעכב־זיין די גאולה?
וואַרטסטו דען עס זאָלן פאַרשניטן ווערן
די פשוטע, די גוטע, די האַרצעדיק־פרומע?

אַזוי האָבן מיר געטאָן ממעמקים צו דיר טענהן.
אויף די דאָזיקע פּליינען, טאַקע פון דאַנען.
איבער די פשוטע מענטשן, די יידן, די גויים,
וואָרים, לאָזסטו די פריצישע ווערים
איבער זיי זיך ראַיען?
דערימעך, זיינען מיר אַרוים באַ די וואוילע גויים
תורה ועבודה לערנען.
מיר האָבן דעם דנאָ פון זייערע יסורים דערגרונטעוועט.
רעכט זייער מאָנען,
צענמאָל גערעכטער זייער ווייטיקדיק צערנען.
אַ קו, אַז מען בייטשט טוט דאָך אויך רעווען.
אָ, וואָס פאַר טייערע אומה — די געשלאָגענע פּאַראָבקעס
אין די ליימיקע, שטרויענע, ענגע כאַטקעס.
מתיקותדיק געזאַנג ציטערט אין זון־פאַרגיי:
די לאַפּטשעס, די צעריסענע סוקמאַנעס
זינגען מיט אין זיסן וויי.
די האַרמאָנקעס כוואַליען אויף די טיפסטע ניגונים.
אויפגעלויכטן, פאַרגלויבט ווערט איטלעכס פּנים.
עס שווינדן אין פריילעכן רקוד
איוואַנעס, סטעפּאַנעס, וואַנקעס און האַנקעס.
עס האָפּקעט דאָס גאַנצע דאָרף,
מיטן וואַלד, ביזן לאַנקע־טאָרף.
און איך אין מיין ליכטיקן באַזונדער
דערפיל די התרוממות, דעם שטראַליקן וואונדער.

פון וואַלדיקער שטילקייט,
פון באַרגיקער ווילדקייט
גאָלדיקט איבער מיר
די אַנגעצונדענע מערב־שויב.
דיין גנאָדיקייט אין שעפּטשענדיקער התבודדות שוועבט.
איך הויב זיך אויף,
דיין גוטסקייט אייביק, אין איטלעכן האַרץ לעבט!...

פון די דאָזיקע פריילעכע און אויסגיסנדיקע געזאַנגען,
אַ וואונדערלעך, מיניענדיק ליכט אין אונדז איז אויפגעגאַנגען.
איך האָב צו יענדרוכן געטאָן זאָגן:
מיין האַרצעדיקער, לאָמיר גיין צו די געבויגענע יידן.
אין זייערע קאַלטע, פאַרוויינטע שטיבער
וועלן מיר זיי לערנען אין חדוה זינגען.
גאָטס ליבשאַפט זיי ברענגען.
אַז די טיפסטע תורה — אַ רחמנותדיק האַרץ.
אָנגענומען באַ גאָט איז דער יגיע־כפּים,
מיט פאַרשאַרצטע אַרבל, מיט שאָרסטקע ידים.
אַלע זיינע גלידער פאַרן השם יתברך פול מיט לויב.
זיינע מעשים גאַנץ, מיט האַרציקער פאָרכטיקייט
ער טוט דעם אויבערשטנס רצון,
ווען ער טראָגט דעם אָרימען פערדל דעם האָבער־זשלויב.
באַ די למדנים די תורה טוט פרירן.
בעלי מלאכהשע הענט דאָס לעבעדיקע פייער
פון דיין מויל באַרירן.
דאָס עולם־הזהדיקע וואַרט אין זייער מויל,
איז גרינגער צומאַכן דעם שווערן גלות־עול.
זיי די הולכי־דרך — די פּראָסטע לייט
מידן זייערע פים אויף דער ערד אין דער לענג אין דער ברייט.
דיין געשטאַלט אין דער שפּראָצנדיקער טבע
גייט אויף פאַר זיי.

זיי דערשפּירן דיך אין דעם בייט פון די זמנים.
זיי ווייסן, אומעטום ביסטו אַליין נאָר פאַרהאַנען.
וויסט און ביטער דעם יידס דאָליע
אין פּוילן, וואָלין, גאַליציע און פּאָדאָליע,
דאָס לעבן פאַר זיי א שאול.
איך לערן זיי מיטן בורא איז וואויל.
פיינלעכע טעג מיטן האַמער, מיט דער זעג
אויפן סכנותדיקן וועג.
אימהדיקע, לאָקערנדיקע אויפדערנאַכטן
אין וואַלד דעם געדיכטן.
מערב־צייט קערן זיי צוריק
דורך דער דאָרפישער בריק.
לבנהדיק פּנים שמייכלט אין ווייסער שטילקייט אריין.
אין שטיבלעך, אַרום צעקאַרבטע טישן,
לויטער וואונדער די ווערטער אויפמישן.
איך טו די בריענדיקע טרערן אָפּווישן.
דאָס עצבות איך טו לעשן, לעשן...
אין וואָכעדיקע, געבראָכענע געמיטער
א וואַרעם פּייערל אָנגעצונדן פאַר היינט,
פאַר מאָרגן, פאַרן צאָרנדיקן שפּעטער.
דער שניידער, דער שוסטער, דער קאָוואַל,
דער צעסלער, דער סטאָליער, דער אָרעמער קרעמער,
דער האָרציקער תהילים־זאָגער — דער שטיל־טרויעריקער דאָרפסגייער,
און דער זיפצנדיקער שטריקלדרייער,
דאָס בטחונדיקע פּייערל פירט זיי דורך
דער ביטערער וואָך.
בא שלש סעודות לויכט אויף אין מעשיות
דער וואונדערלעכער נס, יעדער רמז זינגט
אין דבקות צו דיר א שבח.
אין דער טיפער בענקעניש צינדט זיך פריידיק
אין מיר דער גלויבן, אז בא מלוה מלכה,
וועלן מיר פאַרנעמען די קלינגענדיקע טריט
פונעם מבשר, און דער גואל צדק וועט דערשיינען.

יידן וועלן האָבן בלויז חדוה, די שכינה וועט מער נישט וויינען.
יעדן טאָג טו איך אים אויסקוקן,
אפשר וועל איך אויף די בערג דער ערשטער אים דערבליקן.
איך האָב נישט זוכה געווען זאָלסט אים אונדז
אין יענע פּיינלעכע, לעבצנדיקע טעג שיקן.
דער טויט האָט מיך פון מיין געליבטער עדה אָפּגעשיידט.
זיינען מיינע טייערע תלמידים געווען אָנגעברייט
צו טראָגן די ברענענדיקע בענקשאַפט, די גלותדיקע־לייד.
די ליבשאַפט האָט אויפגעשפּראָצט,
ווי דאָס שמעקנדיקע גרינס
אויף אַ פריש־צעגראָבענער בייט — — —

אַצינד שומר ישראל, וואו ביסטו רעטער
אין דער שטאָט פון פאַרקוילטע ברעטער?
מיינע תלמידים פון יאוש דערשלאָגן.
בלוטיקע טרערן פון זייערע אויגן שלאָגן.
וואו זאָל איך אויסוואַרעמען אַ טרייסט־וואָרט
זיי צו זאָגן? — — —
דאָס צאַנקענדיקע קינדל אין מיין האַנט
האָט אויסגעזוכט יענדרוכס שטיבל,
די איינגעבראָכענע וואַנט.
אַרום זשאַרענדיקער זאַמד,
זיין אייניקל אָפּגעבראַטן אין קוילן־בראַנד.
איז דאָס דען דער אָנגעצייכנטער, גרויליקער סוף?
איז דאָס געווען צו חרות דער לעצטער געלויף?
פריערדיקע דורות האָסטו געפּרואווט מיט שמד.
דעם גערמאַנער האָסטו דעם אויסרייד אויך נישט געגעבן,
די שלאַבריקע האָט נישט געהאָלפן דאָס טויף־וואַסער.
פאָרט איז דאָך אין דעם דאָ אַ מיין,
גיב אַ רמז — איך און יענדרוך זיינען דאָך נישט געווען אַליין.
איך וועל צונויפקלייבן ביין צו ביין,
זאָל יענדרוך ווידער אויפשטיין.

די בעלי־מלאכות פון אלע אומות וואו זיינען?
איך זע הירש לעקערט אויף דער תליה וויינען,
נישט פון שרעק, נישט דאָס אייגענע לעבן צו שוינען.
וויסן טוט ער וועלן וויסן, צי האָט ער
די קעמפענדיקע אַרבעטס־לייט געטריי געטאָן דינען?
מיין לערנונג, מיין ליבשאַפט, דער שטוינענדיקער מסירת נפש
אין בעל־מלאכישן געסל איז געבליבן.
עס האָט זיי דער צאָרן צו פרייהייט געטריבן.
אין זייערע לידער, אין די שאַלנדיקע ניגונים,
נישט קיין שלאַבריקייט, קיין תחנונים.
קאַמפּס־געזאַנג אין אַלע גלידער,
קענען דער רשעות זיך אויפגעהויבן,
דעם טאָג פון דערלייזונג צו לויבן.

ה

שווידער טעג לאָקערן.
די נעכט מיט בלוט שכורן.
די חברים רינגלען הירש לעקערטן אַרום.
ווידלעס, סערפּן, העק און דראָנגען.
אין דעם בלוטיקן ראַנגלען,
איז ער אַליין אַרויפגעשפּרונגען
אויף די תליה־שטאַנגען.
זון־ראָד אַרום זיין קאָפּ.
ער איז קיינמאָל אין קבר נישט אַראָפּ.
אָט נידערט ער פון ווילנער שלאָס־באַרג.
פייערדיק אָנגעצונדן זיין האַנט.
אונטער אים יאָמערט דאָס לערע, וויסטע לאַנד.
געפלאָכטן דיק זיינען די שטריק,
די געקאָוועטע פּיס היפּען.
די קנופּן שטייפן זיין האַלדז.
אינגאַנצן געגאָסענער בראָנדז.
די ציין זעגן איבער די שטריק.
ער שמידט מיט זיינע טריט אַ בריק.

זיינע פּיס קנעטן די בלוטיקע, בלאָטיקע שטרעקעס.
די שטערן איבער אים — גאָלדן־גליענדיקע טשוועקעס.
איינגעפּעסטיקט אין דער האַנט אַ שווערד,
דאָס שטאָליקע שווערדן־מויל גלאַנצט.
דאָס אויפגעטאָגנדיקע ליכט
אויף דער שניידנדיקער שאַרף טאַנצט.
דער בעש״ט גאַפט,
לעקערט שטרעקט אויס צו אים זיינע הענט.
דאָס שטויגענדיקע פּנים צום בעש״ט געווענדט:
אויך איך האָב פון אייך געהערט,
וואונדערלעך, איך אויך בין פון אייך אויסגעצווייגט.
דאָס בין איך הערש לעקערט פון פאַרחושכטן ווינקל.
מיין צאָרן זידט אין בלינדן טונקל.
איך האַמער אויפן שטיוול די זויל.
און דאָס האַרץ — אַ פייער־קויל.
בעש״ט, אייך קיינמאָל נישט געקענט.
אייער פּאַטערלעכן בליק דערקענט . . .
איר דעראינערט,
גאַרנישט ווערט פון פאָלק געמינערט.
אַלע וויטסטע דורות — ברידער
פון איין בונד.
די נויט האָט געלערנט מיך טראַכטן.
אינאיינעם פון וואַרשטאַטן,
פון פאַרחושכטע שאַכטן,
זיינען מיר אַרויס קעגן שונא פעכטן
פאַרן געדרודפטן און אויסגעלאַכטן.
אין דער האַנט די דראַטווע פלינק געאיבט.
מאָנענדיק יעדע שטיפט.
דער גלויבן שטורעמט אין קאַמפס־ליד.
אין קילנדיקן באַגינען,
די נאַכטיקע שאָטנס אַנטרינען.

בלאַסער טאָג הויבט אָן
די ערד געפינען.
בין איך שוין אָנגעברייט
דעם אַרבעטער־קלאַס צו דינען:
איך בין תמיד אַ פאַרשטעלטער,
אויפן פּלייצע אַ זאַק,
ווי אַ וואַנדערנדיקער בעטלער.
טיילמאָל גאָר אַן אָפּגעריסענער שלעפּער,
שלייך איך צו דער ציגעלניע,
צו שאַיעלע טעפּער.
איך צעטראָג דעם צאָרן
אין דאָרף, אין שטאָט,
אויף יעדן ראָג.

אין אויפגעזוניקטן טאָג,
שטראַלט אויף דער ערשטער מאַי.
אויף גאַסן פרילינגדיקער דופט.
די פּויסטן — העלישע פאַקלען.
די מחנות כוואַליען,
קיינער טוט נישט וואַקלען.
ברויזן די געזאַנגען,
קאַמפּס־רופן, פאָדערנדיקע פאַרלאַנגען.
וואָרנענדיקע פּלאַקאַטן
אויף דרענגען, אויף שטאַנגען.
געשמידטער טראָט פון אַרבעטנדיקע נאַציאָנען,
איבער אונדז ווייען די פלאַמיקע, הייליקע פאָנען.
עס ציטערן בורזשוען.
קאָזאַקן אויף צעפּלאָשעטע פערד יאָגן אָן.

ווילדער געדראַנג, מהומהדיקער אויסגעמיש.
די דורכגענג פאַרוואַלגערט מיט ציגל,
צעבראָכענע בענק און טישן.

די גרינענדיקע דרויסנס דראָען.
נאָהייקעם כוואַשטשען,
לייבער בלאָען.
די גאַסן וואָיען
פון האַס און בזיון.
קעמפעריש בלוט פאַרגאָסן,
יונגע הויטן אָפּגעריסן,
און די מחנות נישט צעריסן — — —

דערנאָך זוניקער־גאָס
אויף באַרג־שלאָס.
איך ווײס ווינציק פון די בלוטיקע בלעטער
פון פאַרצייטישער, יידישער געשיכטע.
אין אַלע פאַרווײנטע מעשה־ביכלעך געלייענט
פון דער שרעקלעכער אינקוויזיציע,
פון גירוש־שפּאַניע, פון די אימהדיקע טויטן
דורך די קרייצן־טרעגער אין גערמאַניע.
די פּייניקונגען און שחיטות פון די צאַרן —
די זעלבסט־געקרוינטע האַרן,
האָבן מיך דערפירט צו מיין נסיון,
איך האָב לענגער נישט געקענט האַרן . . .

פריילינגדיקער פרימאָרגן.
זוניקער גאָס
אויף באַרג־שלאָס.
מיינע הענט געבונדן,
דער מזרח אָנגעצונדן.
מען שלעפּט מיך איבער שטיינער, איבער דערנער,
אָקעגן בלענדנדיקע, זוניקע הערנער.
די פיס בלוטיקן אין די צוואַנגען.

און איך — אָן מורא,
פון פאַרהוילן, פון דער ליכטיקער הויך,
דערהער דיינע פליסטערנדיקע,
איינגעמענדיקע רייד:
מיין זון,
פון גלויבן שפּראָצט אַרויס דיין
באַפרייענדיקער כח.
שרעק זיך נישט פאַר פייער־קוילן,
פאַר וואַרגנדיקע שטריק.
מיט דיר די פרייהייט,
דאָס אויפגייענדיקע, אויסגעבענקטע גליק.
מיט דיר דער געגאַרטער זיג —

די ערד טוט זיך אונטער מיר אַ וויג.
לעצטער רויט־מאָרגנדיקער שטראַל ציטערט.
עס פייכט אויף מיר דיין פאָטערלעכער בליק — — — —

ז

וואָר, איך לעקערט,
בין אין יעדן שטרייט.
איך ליכטיק אין דער זיגערישער פרייד.
פרייהייט־פונקען אין דער נאַכט־חשכניש
מיינע חברים וואַרפן.
אין גרויסע, ברענענדיקע הערצער זיי טרעפן.
אין יעדן אַרבעטער־קנעכט בטחונדיקער ציטער.
אויפגעהעלט אין פרימאָרגנדיקן טאָגן
בלעטערן שאָטנדיקע וועלדער.
עס מונטערן שאַלנדיקע געזאַנגען פון רויטע רעטער.
לענין אַ פאָטערלעכער באַפרייער,
מיט אים צו צוזאָגנדיקע הייכן, קלעטער!
באַפרייאונג אין לאַנד פאַר איטלעכן באַזונדער.
פאַר אַלע באַנאַנד — דער שטראַליקער וואונדער.
אין 1917 מיט די אויסגעפּרוואוטע ברידער,
איך שפּאַן דורך אַלע סכנות.

אומדערבאַרעמדיק דער מערדערלעכער שונא,
נאָר מיר מיט הערצער פול רחמנות
בלוטיקן אויף חרובע וועגן.
ברודערלעך מיר טוליען זיך
איינער צום צווייטן.
דעם באַצווינגענדיקן פיינט
אין שלאַכט, מיר צעטרעטן.
אַרום אונדזערע מידע, פלאַמענדיקע קערפּערס,
אין די הויכע, טויאיקע פרימאָרגנס
בלענדנדיקע שטראַלן די טונקלקייט שניידן,
רוישנדיקע ביימער פאַרוויגן.
מיר ברענגען דורך פריידיקע זיגן
פרייהייט און פרידן צום פויער אויפן פעלד,
צו אַרבעטסלייט אין אויפזינגענדיקע פאַבריקן
און שאַכטן, צו פלאַפלענדיקע, וואַקסנדיקע
קינדערלעך אין די וויגן —
אַצינד, פון שטיינערנע און בראָנדזענע דענקמאָלן
אין שטעט, אין דערפער, אין בליענדיקע טאָלן,
טוען מיר — די געפאַלענע פרייהייט־העלדן
דער גאַנצער וועלט מעלדן:
די אַרבעטער־פעלקער וועלן אליין זיך רעגירן.
יושר, ליבשאַפט, פרייד און גליק
אין דער מיענדיקער האַנט, אין פויערישן בליק.
מיט איין האַנט
מיר בויען, אַקערן און זייען.
מיט דער צווייטער האַנט
מיר שטאָלן דאָס בלי־זין.
וואָרים דער שונא לויערט.

דאָס זעט און זאָפּט
פֿון אונדזער לאַנד
ער באַגערט.
און פּלוצלינג האָט דער גזלן
זיין שפּיז געשליידערט,
מיט פֿאַרוויסטנדיקן־פֿייער
די בליענדיקע, שלוהדיקע ערד איבערגעקערט.
נישט אין זיסן דרימל פֿאַרטוליעט,
האָט דער אַריינדרינגער אונדז געפֿונען,
קאַמפֿס און פֿרייהייט־רופֿן
האָבן צאָרנדיקע, אָנגעוויטיקטע,
שטאַרקע און אָנגעברייטע הערצער
ברודערלעך־נאָענט פֿאַרשפּונען.
ר׳ לייב שרהס יאָמער־געוויין
האָט צו מיר אין שלאַכט דערגרייכט,
אויף די העכסטע, הויערנדיקע בערגער,
אין די פֿאַרהוילנסטע נידערן.
איך בין אַ קעמפֿער
צווישן די רויטע קריגער.
אַצינדערט נישט קיין יאָרהונדערטן צעטיילטע,
דורך שרעק צעשיידטע.
נישט באַזונדער!
פֿון די ווייטסטע דורות
אַלע שטאַרק און אייניק.
הענט פֿלאַקערן,
דאָס כלי־זין הייליק, שאַרף און צייניק.
עס בליצט אין חשך־נאַכט,
אין חרובער טויטן־שטאָט,
דאָס אויפֿמאָנענדיקע פֿייער
פֿון אימהדיקער שלאַכט.
בעש״ט, צעטייל אונדז
אין שלאָגנדיקע מחנות פֿיר.

נקמה, פאַר חורבות און הרוגים
מיט אויסגעשאַרפטער מויל פון שווערד.
מיר וועלן אויפפראַלן אין יעדן לאַנד
די פאַרקאָוועטע תפיסה־טיר.
לעבן און אייביקן וועט אונדזער פאָלק!
אויסגעלייזט וועט ווערן די פאַרשוועכטע ערד.

ז

פון צווישן די שלייער־שאָטנס שלייכן זיך אַרוים די געשטאַלטן.
ר׳ לייב שרה׳ס, דער ערשטער, נעמט רשות ביים בעש״ט
צו שלאָגן דעם גערמאַנישן שפּאַרבער מיט שרפהדיקן פּולווער,
און מיט אייזן דעם קאַלטן.
איך וועל ווערן אַ נחבא אין די טיפע, קילע וועלדער,
אין די אויסגעהוילטע היילן, אין אַלע צעוואָרפנסטע קאַנטן.
מיט שורות גבורים פון אַלע באַצוואונגענע אומות,
מיר וועלן דעם שלאַנגען־מח צעשפּאַלטן.
זיין פּגר אין דער מאַמע־ערד נישט באַהאַלטן.
מיט גבורהדיקן צאָרן איך וועל מיינע קריגסלייט באַקליידן.
דער שונא וועט פון אונדז נישט אַנטרינען, אונדזער משפט נישט אויסמיידן,
ר׳ לייב שרהס גורט זיינע לענדן אָן,
עמעצער צעוויקלט די קאַמפס־פאָן.
נאָך אים שפּרייזן זיכערע, באַגלויבטע לייט.
ברענענדיקער האַס אין די אָנגעווייטיקטע הערצער שרייט.
מי לה׳ אלי! דונערט פון געהיימער פאַרבאָרגעניש אַ קול.
גאָט טרעט פאָרויס, האָגלט אויפן שונא פייער און שטאָל.
פון הינטער חורבות מיט צעווינטיקטער, פלאַמיקער באָרד,
ר׳ לייב שרהס פירט זיינע פּאַרטיזאַנען־שורות אין קאַמף,
זיינע הענט משפּטן פאַר רויב־זאַק, פאַר מאָרד.
פון פאַרשרפהטע שטעט, פון רויכיקן דאָרף,
פּאַרטיזאַנען טראָגן אויף די הענט
פאַרהונגערטע, צעפּייניקטע, וויינענדיקע קינדער.
טרויעריק מרוקן געראַטעוועטע שאָף און רינדער.
ר׳ לייב שרהס דעם שונאס שיצנדיקער נאָרע — אַ הייליקער אונטערצינדער.

## ח

דער רבי ר׳ בער שאַרפֿט געווער
מיט די אַלטע, באַאָדערטע הענט.
די וועלט אַרום אים —
אַ פֿאַרבלוטיקט, טויטן־פֿעלד.
ער שוידערט, מורמלט:
איך הער לעצטן, פֿאַרשטיקטן כאָרכלען
אין דער וואַרשעווער געטאָ.
די איינגעבראָכענע וועגט קראַכן.
דער איינציק־געבליבענער חלוץ
ליגט מיט אַ שפּיז דורכגעשטאָכן.
די אַרויסשטאַרצנדיקע, פֿאַרלאָפּענע אויגן פֿרעגן?
על שום מה, צוליב וואָס און פֿאַר וועמענס וועגן?
ליכטיק־זעענדיקער בעש״ט — דו אונזער וועגווייזער,
וואָר, מיר זיינען אַליין די דערלייזער.
איך גענען צו דיר אַהער.
בענטש מיך מיין האַרץ און האַנט
זאָלן נישט ציטערן, וואו איך וועגד אַצינד, וואו איך קער.
זיי מיך מדריך אין נייעם נסיונותדיקן דרך.
די גליענדיקע שטערן — צאָרנדיקע, בליצנדיקע אויגן.
גאָט טוט די זיילן פֿון דער וועלט אויפֿן נאַצי־רשע אויסבויגן.
דער שומר פֿון ישראל טוט וואַכן,
ער וועט זיך נוקם־זיין
פֿאַר דערוואָרגענעם, קינדערישן לאַכן.
ד׳ איש מלחמות — אין אונדז זיין גבורהדיקער גייסט.
גאָט אין אונדזער מחנה שפּרייזט.
דער שטראַליקער מאָרגן קושט די געשאַרפֿטע שווערד.
נקמה די פֿרייהייט געבערט.
אַזוי איז הייליק — געחתמעט, באַשערט.
קלינגט אויף בעש״טס ברכה:
דעם גזלנס שטעט ביזן גרונט צעשטער!
שטורעם גערמאַניע, ווי יריחו!

דער רבי ר׳ בער דעם שונאס רייען פאַרצערט.
ער קלעטערט אויף פעלדזיקע הויכן,
ער פויזעט צווישן פלאַצנדיקע קוילן.
באַרינגלט איז דער נאַצי מיט פחד, מיט בראַנד
אויף די ברוויזנדיקע יאַמען, אין די טיפסטע אויסהוילן.
דער רבי ר׳ בער אויסגעפּרוּאווט אין אָפענעם שלאַכט־פעלד,
ער נעמט נקמה, ער איז מתקן די וועלט — — —

ט

ר׳ לוי יצחק באַרדיטשעווער מיטן באַצערטן פנים,
טייטלט אויף די רוצחישע יונים:
גאָט וועסט מוזן אַצינדערט מיך פאָלגן,
פאַר אַלע פאַרגאָסענע בלוטן,
פאַר אַלע יסורים און פלאָגן.
הייליקער בעש״ט, דעם פונק פון רחמים
אין מיין האַרץ האָסטו אָנגעצונדן.
דיין לערנונג איז געווען דאָס קוואַל־וואַסער
פאַר מיין צעפייניקטער, פאַרשמאַכטער נשמה.
תמיד זיך געהיט פון שנאה, פון נקמה.
תמיד האָט דאָס רחמנות
פאַרברענט די נקמה.
היינט האָט דער גערמאַנער
דעם סדר געענדערט.
עס מוז די נקמה, ווי פייער לייטערן,
כדי אויפן געזיכט פון דער ערד,
די דערבאַרעמדיקייט אויף אייביק פאַרשפּרייטן.
דאָס פייער מוז רייניקן, די הענט מוזן טייטן,
עס זאָל אין אויפשיינענדיקן פרימאָרגן,
דער פרידן אויפשפּראָצן, ווי דאָס בלעטער־גרינס
אויף פריש־אויפגעגראָבענע בייטן.
רבי בעש״ט, איך דאַרף שטאַרקייט.
צינדן זאָל מיין אויג די שווערדן־שאַרפקייט.

דער בעש״ט צו אים גענענט.

גליענדיקער זשאַר קרישלט די לאָמע ווענט.
גיי, מיין זון, אין די וויסטע שטעט,
זוך אויף די קעמפנדיקע גבורים
אין די אונטערערדישע פאַרבאָרגענישן,
אין די טיפונגען פון שטיין־הייל.
באַהעפט זיך מיט זייער מסירת־נפשדיקן גאַנג.
פאַרנעם זייער פלאַקערדיק געזאַנג.
פאַרן מענטש, פאַר יעדער לעבעדיקן נפש,
זיי זיינען מקדש השם בכל יום.
זיי — די ברידער פון הירש לעקערט
שניידן די וואַרג־שטריק פון תליה־בוים.
וואָלקנט דער יאוש, איטלעכס האַרץ פון פיין צעאַקערט,
זינגען זיי וועגן גרויסן טאָג פון חופש.

ר׳ לוי יצחק מיט זיינע נקמהדיקע לייט.
שטרויכל־נעצן פאַרן שונאס פיס
ער פאַרשפּרייט.
בא וואַלד־גרעניצן, פאַרבאָרגן, געהיים,
ער פאַרנאַרט דעם מערדער
צו די זינקענדיקע גריבער פון ליים.
אין וואַרטנדיקע, טראַכטנדיקע שעהן,
האָרכט ער, צי אין דער שעפּטשענדיקער שטום,
רוישן נישט ערגעץ נאָענט,
די באַוואָפנטע טריט פון די וועלט־באַפרייער,
די וואונדערלעכע, סטאַלינישע וועלט־באַנייער.
און ער לערנט מיט זיינע שלאַכטלייט:
אַלע מענטשן־קינדער פאַר גאָט
גלייך, גרויס און הייליק.
אוים פרעמדע, אוים גרים —
אַלע אויף אייביק, אין רחמים באַהעפט.
זינגענדיקע, קעמפנדיקע חברים — — —

ו

דער בעש"ט אָן אַ שירה,
ער אַליין — אויסגעשטאַלטע גבורה.
ער ענדערט זיינע געשטאַלטן,
צו קענען אין שונאס מיט מלחמה־האַלטן.
ער איז אַן איבערגעטוענער פויער.
ער וואַרפט פעקלעך שפייז
איבער געטאָ־ווענט.
אין פאַראומערטע שטיבער
ברענגט ער דאָס העלדנמוט אַ צוזאָגנדיקן באַווייז.
אין זיינע אויגן, טרייסטנדיקער, וואַרעמער בלענד.
דאָס ליכט פון וואָרהאַפטיקן טרוים
ער פאַרשפרייט.
אומרו, מרידה ער פאַרזייט.
אומעטום איז ער פאַראַן.
אין איטלעכן, זיגערישן שפאַן.
אין זומערדיקער חמימה,
אין ווינטערדיקער קרירה,
אין שטורעמס, אין רעגן־שלאַקסן,
ער איז מיט אַלעמען, אין אַלע שלאַכטן.
ער שליידערט האַנט־גראַנאַטן.
ער איז הינטער מאַשין־ביקסן,
הינטער קראַכנדיקע האַרמאַטן.
אַרום דעם שאָל פון זיין פרייהייט־האָרן
זאַמלען זיך צונויף אַלע באַפרייענדיקע חילות.
עס איז דער לעצטער, פיינלעכער נסיון פאַר די אומות.
די לעצטע חבלי־משיח פאַר ישראל אין אימהדיקן גלות.
ער לערנט די באַפרייענדיקע סאָלדאַטן צו האַסן
דעם גערמאַניער, זיינע שטעט און דערפער,
זיינע געדרייטע דורכגענג, זיינע געפלאַסטערטע גאַסן.
און הינטער פלאַצנדיקע באָמבע־שלאַקסן,
פון זיינע שטאַרקנדיקע, פאַטערלעכע רייד
הויבט אָן דער גלויבן ריינער, טיפער וואַקסן.

די קינדער פון יענדרוך און די קינדער פון זיינע חסידים
אין סאָוועטישע, זעלנערישע בגדים.
זיי הערן זיינע האַרצעדיקע, צוזאָגנדיקע ווערטער
אין מנוחה־שעהן .
די גרויסע ליבשאַפט וואַרעמט דאָס האַרץ הינטער שינעלן.
זיינע פאַרטרוימטע מעשיות קלאָרן זייערע געמיטער,
ווי פרישע, מורמלענדיקע קוואַלן:
איך און יענדרוך האָבן די ליבשאַפט,
דעם גלויבן אין דערשלאָגענע הערצער פאַרפלאַנצט.
וואַרהאַפטיק איז דער צויבערדיקער טרוים,
זילבערדיק, טויאיק, ווי אין פרילינגנדיקע פרימאָרגנס
דער צעבליטער בוים.
אַזוי וועט אויך אויפשפּראָצן
דער גרויסער, אויסלייז טאָג.
אין אונדזער זיגערישער מחנה,
זאָל נישט געהערט ווערן
נישט קיין יאָמער, נישט קיין קלאָג.
שאַרפט קינדערלעך די שווערדן!
מאָנט אויף פאַר אַלע פּיינען,
פאַר אַלע דורותדיקע מאָרדן.
איך בין אייך ערב,
די גאולה וועט קומען בקרוב!

— — — — — — — — — — — — — — — — —

אַרום זיינען פיר צדיקים אין שלאַכט
אין חשכותדיקער נאַכט.
עס האָט אויפגעטאָגט!
עס טאָגט!
די פיל־פעלקערדיקע פאָן,
פרייהייט, פרייד און פרידן
דער וועלט זאָגט אָן!

# דער רעגן

1

שטאַרק און שטאַרקער קלאַפּט דער רעגן.
חושך ביז די הימל־ברעגן.
איך דאַרף דיך רעגן
גאָרנישט פרעגן.
עס שטילט נישט איין דער פּיין
פון קינדערישע טעג.
כליפּעסט אין מיר אויפן וואָגל־וועג.

די באָבע ברענגט דעם ווייטיק פון פּויערישע שטיבער.
דער שבת דרימלט אין איר אַלקערל היימישער, ליבער:
גאָט, שיק דאָס געטערעניש אויף פעלדער.
דער גלח, די צערקווע — שוואַרץ טמא.
די פּויערים פאַרהאָרעוועטע, גוטהאַרציקע —
אָן ערלעך, ליידנדיקע אומה

שבתדיקע מנוחה, דער באָבעס ליכטיקע ברכה —
האַרציקע טרייסט אין דער טרויעריקער מערכה.
די באָבע פאַרוויגט זיך אַליין מיטן בעטנדיקן תהילים־ניגון.
קילע שאָטנס היפּען אויף פּאָטשענע־שטיגן.
זיסער דרימל לייגט דער באָבעס מידן קאָפּ אַנידער
אויפן פאַרוויינטן קרבן מנחה־סידור —

## 2

דער בוים בליט,
עס ווינטלט דער בלעטער־שירעם.
די טרער איז ווארעם.
דער הימל איז בלאָ.
און די באָבע איז נישטאָ.

די רוצחים האָבן דער באָבען אויפן דאָרפישן שליאך דערשלאָגן.
הינטער צעוואַלגערטע שאָפּעס דאָס פויערים־פאָלק באַגראָבן.
די קליינע קינדער צו די קאַלך־אויוונס געטריבן.
נאָר דער שבת שוועבט אָן, הייליקע מנוחה.
דער באָבעס טייטש־חומש, דער קרבן־מנחה־סידור
טרייסטן מיט ליכטיקן גלויבן מיט טויאיקער ברכה :
דער נס וועט געשען, איטלעכן דערציילן,
דער גואל וועט קומען צו די קינדער פון ישראל !

שטאַרק און שטאַרקער קלאַפּט דער רעגן.
חושך ביז די הימל־ברעגן.
איך אליין אויף וואָגל־וועגן.
גאָט, שטעך אויס דעם גערמאַנישן קין
די רוצחישע אויגן !

## די בשורה

### א

דערצייל אליהו פון וואָגל־וועג,
פונוואַנען שטויבסטו, פון וועלכן ברעג?
איך בין אַרויס נאָך דיינע איינזאַמע טריט.
ביסט שטיין געבליבן אין מדבר־וויסט.
איך וויל הערן די ליכטיקע בשורה אין דיין קול.
אַ שטראָמל בלוט רינט פון דיין מויל.
ווער האָט דיך פאַרבלוטיקט און צעביילט?
פונוואַנען אַנטרינען, וואוהין איילסטו, איילסט?
איך וועל דיך נישט אָפּלאָזן, וועסט נישט פאַרשווינדן אַצינד.
דיינע אויגן שרעקן טרעריק, בלינד.
לעגן זיך אָן, רו אָפּ,
עס ווייטיקט דער דאָרן־שטאָך אויף דיין קאָפּ.
איך וועל פאַרבינדן דיין וואונד.
ברויז אויף דאָס פאָלק צום קנאידיקן בונט,
פאַרבינדט ווידער דעם הייליקן בונד.
די מדבר־וויסט — אַן אָנגעהייצטער זאַמדן־רינג.
קילנדיק וואַסער פון דער קרוג, טרינק.
איך טראָג מיט זיך דיין פּסחדיקן כוס.
שוים אויף דעם צאָרן, שטורעם אויף דעם ברויז.

ב

מיין זון,
נישטאָ שוין מער קיין פּאַרטריבענע נאָכצוגיין,
קיין אָפּענע, יידישע טירן אהין אַריינצוגיין.
איך בין בלינד פון געוויין אויפן בראָך, אויף ישראלס פּיין.
זאָל מיין טאָג ווערן פינצטער, קליין.
מיינע אַקסלען טראָגן אַלע פּלאָגן.
אַזאַ גרויליקער, בלוטיקער מעת־לעת.
עס ליכטיקט נאָך אַלץ נישט דער נס.
שטום אין מיין האָרן
דער פריידן־שאַל פון גאולה.
מיין לייב צעטראָטן מיט דאָרן.
איך זאָג נישט אָן קיין פייער־טאָג,
טרויער טאָג, שוידער, יללה.
אָ, גאָט, ווי די קינדער פון ישראל,
איך וויל ווערן פאַרלוירן —

מיין זון בייג זיך איין און הער,
עס ציטערט אין כוס די בלוטיקע טרער.
איך בין געבליבן איינער אַליין
צווישן געטאָ־שטיין.
אַלע געטאָס בין איך דורכגעגאַנגען.
נישטאָ קיין לעבעדיקער נפש, קיין אָטעם־לעבן.
רויב־פויגלען אין די הויכן שוועבן.
יידישע טעכטער צו שאַנד געפאַנגען.
טויטע גופים הענגען אויף אייזערנע שטאַנגען.
חורבן — קיין בעטנדיק, קינדעריש געוויין,
וויסטעניש, צעלעכערטער שאַרבן־ביין.
וואָר, איך בעט אויף זיך דעם טויט.
דאָך מיין טראָט איז נישט שלאַבריק, שווער.
מיין שרעקנס־זעאונג האָב איך געבראַכט אהער.
גאָט וועט שטאָלן די זעל, דאָס לייב און די צעוואונדיקטע הויט,
בענטשן באַפרייענדיקן גאַנג, הייליקן דאָס אויפגייענדיקע ברויט.

הינטער מיין האָריק קלייד, אין פייער־צאָרן מיין האַרץ יאָגט.
אין פלאַקערדיקער נקמה די גאולה אָנגעברייט.
אויפן בראָך פון די שונאים וועט אויפזוניקן מיין פרייד.
רוצחים־וועלט — אַ פינצטערע הייל,
צוריק אַהין איך אייל.
פאַרדאַרבן וועט די בליציקע שאַרף פון מיין שווערד.
בלוטיקער מבול אויף שונאס ערד.
זעסט דעם פלייצנדיקן טייך,
זיי פעסט, זאָל דאָס האַרץ נישט ווערן ווייך.
מוטיק זאָל זיין דער באַפרייענדיקער טראָט,
פון די הייליקע קעמפער אין פייער־ראָד.
די שווערד איינגעקלאַמערט אין מיינע פינגער,
עס האָט ווידער אויפגערוישט דאָס געזאַנג פון פרייהייט־זינגער.

ג

אליהו שטייגט באַרג אַרויף,
די שטיינער קלאַמערן זיך צונויף.
די פאַרכטיקע שעה נאָענט, דערקענט.
שיינענדיק ליכט אין זיינע הענט.
די בערג שווימען אין טייכיקע נעפּלען.
די לבנה ווייסע שטילקייט שפּרייט.
די הימלען עפענען זיך ליכטיק, ברייט.
גלויביק, אָפן דאָס געזיכט.
אימהדיק כוואַליעט די זאַמדן־וויסט.
גאַפנדיקע פּנימער צו דער הויכער ווייט.
אליהו שטייגט אויף בערג־טרעפּ.
איבער אים די שטערן — פלאַקערדיקע קנעפּ.
ער זאָגט די נקמה בשורה אָן:
אויג פאַר אויג,
צאָן פאַר צאָן!

ד

אליהו הויבט זיך אויף הויך, העכער.
פייער טרערן גליען אין ווייגבעכער.
ארום אים גלויביקע קעמפער אין מעכטיקן טראַט,
אייביקע זיגער אין פייער־ראָד.
אליהום שווערד שפיגלט אין מדבר־וויסט.
מיט גאָט פון נקמה דאָס פאָלק, ער באַגריסט.
אלע הימלען לעכערט זיין מאָנענדיק־געבעט:
שפּאַן פאָרויס גאָט אלמעכטיק!
שלאָג די שונאים, פאַרטיליק
גאָט גערעכטיק!
איך בין אצינד מערנישט איינער — פיל־פאָלק, אסך.
פייער־בליץ, מבול־גאָס, דונער־קראַך.
די קריגער שמעטערן עמלקס פאַרשאָלטענע שטאָט.
עמלקס פגרים הוידען זיך אויף צוימען־דראָט.
אליהו אין הייליקן צאָרן שפּאַנט פאָרויס.
נאָך אים דאָס פאָלק פעסט און זיכער, שטאַרק און גרויס.

ה

די נאַכט איז ליכטיק, לאַנג.
דאָס פאָלק שלאָגט דעם שונא —
די גרין־אויגיקע שלאַנג.
אליהו איז אומעטום דאָ.
הייליק די אויסגעבענקטע שעה.
ער וועט מערנישט פאַרשווינדן.
העלע, הויכע פייערן אָנגעצונדן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

## אַ שטערן גאָפּט

א

אַריינגעדרייט דאָס נאָפּט־לעמפּל.
אויפן פּאַרשנייעטן דרויסן אַ שטערן גאָפּט.
איך מורמל אויף אויסנווייניק „בין שני אריות".
די קאַכעדיקע באַליע פּאַרעט.
די מאַמע אין קיך פּאַרפּאָרעט.
צוויי קייענדיקע, וואוילע גויעס
שמירן רעפּטלעך ברויט מיט פּאָווידלע
פון פּולע, בייכיקע סלאָיעס.
זיי שוויצן, די גלעזער טיי די שפּראָצנדיקע
באַקן היצן.
וואָס רעדסטו צו זיך אַליין שלומוניו, דערציי.
דאָס וואַסער אין באַליע איז הייס, מיר וועלן הערן אַ ווייל.
איך מאָל פאַר זיי דעם צירק אין רוים,
יידישע גבורים וואַרפט מען פאַר הונגעריקע לייבן.
אויף הויכע באַלקאָנען שטורעמט פריידיק ווילדער המון.
פון זייערע שכורע מיילער זעצט ווייסער שוים.
נישטאָ קיין ווערטער דאָס גרוילנבילד צו באַשרייבן.
צלמען זיך די צוויי גויעס,
טרערן רייסן זיך פון זייערע אויגן.
זיי רייבן די פּנימער מיט די הייסע לויגן:
שלומוניו, גאָט איז אַזוי דערבאַרעמדיק און גוט,
אָבער אַזעלכע שלעכטע לייט צו וואָס טוען זיי אים מויגן?
וועסט זיין שלומוניו אַ ראַבין, אַ פּראָפעסאָר,
דאַרפסט נאָר ווערן אַביסל פעטער, אַביסל גרעסער.
איך האַנדזשע האָב דיך אויפגעצויגן.
קאַטיע האָט דיך אויף אירע הענט געוואויגן.
אין דיינע פיבערדיקע קרענק, דיין בעט
געוועזן איז פייערדיק, שטעכיק און ענג.
האָב איך האַנדזשע געוויינט נאַסע טיכער,
געבלעטערט פאַר דיר באַמאָלענע מעשה־ביכער.
און נאָך איידער דו האָסט אָנגעהויבן גיין אין חדר,
האָב איך האַנדזשע דיר דערציילט פון אברהם, יאַקוב, און איזאַק,
דערביי האָסטו געקייעט שבתדיקע רייפּטלעך פון מיין חלה־זאַק.

ב

קאַטיען און האַנדזשען האָבן רוצחים דערשטיקט,
זייער לייב אויף שטיקער צעפּליקט.
אין לעצטן, כליפּענדיקן שטאַמל,
אויף דער טויטער, פאַרבלוטיקטער ערד האָט גענידערט
דער זומערדיקער, פאַרוויכערטער הימל.
אַ בת־קול האָט אויפגעציטערט :
קאַטיע און האַנדזשע אין יידן־קבר אייער העלדנטויט.
די ציטערדיקע ליבשאַפט די באַפרייער האָט איר אָנגעטרויט.
אייער האַרציקע דערמאָנונג וועט קיינמאָל נישט פאַרשווינדן,
פאַר קינדס־קינדער אין פרידלעכע הויזגעזינדן — — —

אין אַלקערל דאָס נאַפט־לעמפּל אַריינגעדרייט.
אַ שטערן גאַפט אויף די שניי־סטויגן.
טרערן רייסן זיך פון מיינע אויגן :
גאָט וואָס ביסט אַזוי דערבאַרעמדיק, גוט,
אַזעלכע שלעכטע לייט צו וואָס טוען זיי דיר טויגן ? ! — — — -

## דאָס ליבע-ליד

.1

פרימאָרגן־זון צינדט די שויבן.
אין פעדלערס האַנט ציטערט דאָס הענגל־טרויבן.
פאַרליבטע, יידישע ווערטער פלאַטערן :
אוי דבורהלע מיין האַרץ,
פאַרוואָס טוסטו מיך מיט דיין ליבע מאַטערן ?
פענצטער עפענען זיך,
עס ריגלען זיך אויף טירן.
בלישטשענדיקע טויען
אויף די גראָזן פרירן.
און דאָס שטילע, האַרצעדיקע ליד
טוט איטלעכס האַרץ רירן :
מיין טייער יינגעלע, וואָס קען איך דיר זאָגן ?
די מאַמע וויינט, דער טאַטע טוט מיך שלאָגן.
צוליב דער ליבע, וויל ער מיך פון הויז אַרויסיאָגן.
הער מיך אויס, דבורהלע מיין קרוין,
לאָמיר פון דער היים אַנטלויפן שוין.
איך וועל אַרבעטן,
דיר דאָס שענצטע קויפן.
מיין שענצטע רויז, ביסט שוין,
איך וועל דיך היינט מקדש־זיין.

## .2

ווי אזוי האָט פאַרוואָגלט
צו מאָנטרעאַלער, יידישע שוועלן
דאָס ליבע־ליד פון בלינדן בעטלער?
שטרעקט דען דער באָרוויסער זינגער די האַנט
בא געוועלבן און שטעלן?
זינגט דען אצינד אזוי פאַרבענקט דאָס ליד
אויף די גאַסן פון ווארשע, זאַמאָשטש און לובלין?
אפשר וואָגלט דאָ אַ פאַרבלאָנדזשעטער, זינגענדיקער בעטלער
פון מיין היימשטעטל, פון היימיש־האַרציקן וואָלין?

נישט אין מיין היימשטעטל
גיסט דער בלינדער זינגער אויס אצינד זיין בענקשאַפט־וויי.
די ליבע אין זיין האַרץ קלאָר און ריין, ווי דער ווייסער שניי.
עס וויינען מערנישט די בעטנדיקע מעלאָדיעס
אין די טרויעריקע לידער פון וואַנדערערס און בעטלערס.
עס קלאָגן מערנישט די פידלען
אין די הענט פון די כלי זמרים.
טויטן־גריבער, גליענדיקע אויוונס,
און אַלטע, גראָבנדיקע רידלען.

דער פעדלער קלאָגט אויף דער ליבע,
און אויף דער שיינער, אָפּגעגאַרטער דבורה,
וואָס האָט מיט אַ פלעשעלע קאַרבאָליק
פאַרשרפהט זיין צורה.

דער פּעדלער שלעפּט קוישן אויף טרעפּ.
דורך די אָפענע פענצטער
שטרעקן זיך מיידלישע קעפּ.
באַנאַנעס, באַרן, עפּל און אָפּעלסינען.
מיידלעך, ווייבלעך, איר קענט אַ גילדערן רינגל
אין מיין וואָגן נאָך געפינען . . .

דער וויטיק אין מיין הארצן טוט ברענען.
די טרערן אויף מיין פּנים רינען.
פאַרוויסט האָט די בלוטיקע לאַווע.
די גאָלדענע פאַווע איז דורכגעפלויגן
מיט אויסגעשטאָכענע אויגן.
דאָס מיידעלע פאַרשפּאָט,
דערוואָרגן ליגט מיט זשאַווער־דראָט.
דאָס ייִנגעלע אַ געשאָכטענער
אויף דער קאַלטער ערד ליגט אויסגעצויגן.

נישט אין הײמישן, הארציקן וואָלין,
נישט אין טישעוויץ, זאַמאָשטש און לובלין,
גיסט דער בלינדער זינגער אוים אָצינד זיין בענקשאַפט־וויי.
די בענקשאַפט אין זיין הארץ קלאָר און ריין, ווי דער ווייסער שניי.
די ליבע פלאַטערט מיט פאַרבלוטיקטע פליגל,
אין גאָלדענעם זון־פאַרגאַנג, איבערן צעשטראַלטן, טייכיקן שפּיגל.
דאָס ליד כליפּעט איבערן פאַרליבטן פּאָרל אין מדינת פּוילן,
וואָס ליגט צעלעכערט פון פייער קוילן — — —

## תשעה באב

א

אין מאַרק געפּילדער
פון לויפנדיקע, שרייענדיקע קינדער.
די מאַנסבילן — אבלים אין כאַדאַקעס.
קינדער וואַרפן זיך מיט באַדעקעס.

אין שטיבל, טיש און בענק איבערגעקערט.
אַלע זיצן אין די זאָקן פאַראומערט.
דער טאַטע זאָגט די קינות,
זיין ניגון — טרויערגעוויין.
אויף די שויבן, אויפן חורבה־שטיין,
לעצטע, גליאיקע שעה אין פאַרגיין.
פאַר מיינע אויגן, אַ פייער־צונג ווערט אויסגעצויגן.
דאָס בית־המקדש — אַ פלאַקערדיקער־בויגן.

נידערט די פינצטערניש אויף אַלעמענס קעפּ.
שאָטנס היפּען אין פאָדערהויז, אויף די הילצערנע טרעפּ.
די נאַכט טראָגט גרויל אין מויל.
שטעכט אַ שוואַרץ־שאַרף מעסער אין פּרוכת אריין.
דאָס בלוט טריפט אויף מיר אַליין.
אַרום מיר פאַרצוקט דער חושך־בראַנד.
מיין פּנים מאַכט נאָס דעם טאַטנס האַנט.
די שרעק יאָמערט אין מיין געביין:
ירושלים איז חרוב — נישט געבליבן אַ שטיין אויף אַ שטיין.

ב

**הײַנט איז תשעה באָב.**
איך האָב זיך בײַם שטילן װאַלד דערמאָנט:
אין זעליגל שנײדער, אין שטעטלישן רב.
בײדע האָבן גענומען אױף זיך די שטראָף.
דערנאָך ערשט האָבן די רוצחים געשאָכטן,
אַ שטעטל ײדן — צעשראָקענע שאָף.

איך טו נישט אױס די שיך.
איך זיץ נישט אױף אַן איבערגעקערטער באַנק.
פֿאַרבײַ מײַנע טריט אַ העזל לױפֿט גיך.
דער טאָג איז זוניק, דער װעג שטיל און לאַנג.
עס שאָרכט די פֿולע קאָרנזאַנג.
און אין מיר שטומער צער,
אַלע קינות קלאָגן װידער.
דער מאַמעס תּחינות װײנען אין מײַנע גלידער:
אין װײַטן, הײמישן לאַנד,
הוידען זיך גופֿים אױף סלופּ און שטאַנג.
אױף האַלדז פֿון יונג און אַלט — קלעמענדיקע צװאַנג.
דער שונא זױפֿט אונדזער בלוט — זײַן שכּורנדיק געטראַנק.
עס איז תשעה באָב, דאָס אומגליק גרעסער װי אין ירושלים דער שטאָט.
און דאָ הױערט די שטילקײט אױף בױם, זאַנג און טעלעגראַפֿן־דראָט.

ג

צאָרן ברעך אױס, שלײדער געװיטער,
יאָג אַרױס פֿון די רואיקע ערטער.
נקמה זאָל טױטן מיט סמיקער פֿײל
דעם מערדער אױף װעגן, דעם שונא
אין דער פֿינצטערער הײל.

זעליגל שנײדער, שטעטלדיקער רב,
איך װיל אױך אײנער פֿון די גערעכטע קעמפֿער זײַן.
ברענגען אױפֿן שונא די האַרבע שטראָף.
און נקמה נעמען פֿאַר בלוט און געװײן — — — —

## ש ט ע ר ן

פאַרשפּעטיקטער, טרייסטנדיקער שטערן
גילדערט מיין שויב.
דער הימל קאַלט, הויך און ברייט.
די שלאָפנדיקע שטאָט פאַרקאָוועט אין אייז.
אין אַזאַ נאַכט אימהדיקער עלנט וויינט.
עס שרייט דאָס בלוט אין אייביקן, פאַרפייניקטן היינט.
אין פאַרשנייעטע וועלדער טרויעריקע בערן
טרעטן אַצינד שווער און בייז.
הונגעריקע, בלאָנדזשענדיקע וועלף הייլן,
קייען לבנה־שטראַלן.
און דו מיין שטערן פינטלסט אויפן קאַלטן שויבן־גלאָז.
ווי איך, ביסטו אָפּגעריסן
פון דער גילדערנער שטערן־קייט.
האָרך זיך איין אין מיינע שעפּטשענדיקע,
תפילהדיקע רייד.
פול זידט דער בלוטיקער כוס.
אין מיינע אויגן גליען
אָנגעצונדענע שטיבער, זשאַרענדיקע קוילן,
פּראַסטיקע ווינטן שמייסן אויפן קינדערישן לייב דעם הויזן.
אַרוים זיינען די גערמאַנער פון די הייזן.
פון מענטשן־קינדער די הויט זיי שיילן.
מיין לייב צעהאַקט אויף זיבן מאָל זיבן טיילן.
דו גילדערנער שטערן איילסט צו מיר
דורך מיליאָניקע, קאַלטע מיילן.
מיין לייב פייערט פון די זשאַרענדיקע קוילן,
אין מיר דער יאָמער פון אַ לעצט־געבליבן יידיש קינד
פון מיין היימשטעטל, אין חרובן פּוילן.

## דער פּאַסטוך

א

פּאַסטוך, עס בלויט אין דאָרף דער באַגין.
הויך אויף דער לאָנקע דאָס גראָזן־גרין.
די ליבשאַפט שוועבט אין הויפישן סאָד.
אַ קאָלירט טיכל הענגט אויף שטעכיקן דראָט.
האַנקע באַהאַלט זיך ביים פּלויט, הינטער שטיינערנעם ראָד.

פּאַסטוך, אויפן פעלד גילדערט דאָס קאָרן.
שטיי אויף, בלאָז דיין האָרן.
האַנקע איז פאַרליבט און שיין.
די ליבשאַפט זינגט אין איר געביין.

ב

דער פּאַסטוך קומט נישט.
דאָס שטעגל וויסט, פאַרווישט.
דער ברוינער מערדער — אַ היישעריק אויסגעשפּרייט אויפן לאַנד.
זיין שפּאַן איז אומגליק, חורבן און בראַנד.
דער ברוינער מערדער — אַ היישעריק באַדעקט די ערד,
שפּאַנט אויס פון וואָגן דאָס לעצטע פערד.
ער קוילעט הויזגעזינד, שאָף און רינד.
טאָג־קיקע שיין מערט די שרעקן.
פויערים לויערן אויף בערג, אויף וואַלדיקע שטעגן.
פאַרוויסטן אַליין גערעטעניש און שניט.
פאַרלענדן דעם שונאס טריט.

ג

נישטאָ קיין דאָרף, קיין שאָף.
פון פּאַסטוך האָט זיך אָפּגעטאָן פרייד און שלאָף.
ער בלאָזט נישט אויפן האָרן.
ביים וואַלדיקן ברעג ער האָרכט,
דאָס קאַטשען פון טאַנק, דעם קלונג פון שפּאָרן.
אַ שפּרונג — אַ גראַנאַט רייסט אויף.
ביימער פאַרשטעלן צום באַהעלטעניש זיין לויף.

ד

און הינטער פּלויטן, הינטער קוסטעס, אין טויט־געפּאַרן,
ניט האַנקע סיגנאַלן דעם מערדער צו באַפּאַלן.
זיין רוצחישן־שפּאַן פאַרשפּאַרן.

הינטער פּלויטן, הינטער קוסטעס, אין אַנגסטיקן־האַרן.
שרעקט ווינטלדיקער שאָרך אויף בוים דעם דאַרן.
נאָר שווער פון אַלץ איז דאָס בענקען,
אין פרידלעכע, פאַרליבטע באַגינענס געדענקען.

ה

פּאַסטוך דערזע, דערקען דאָס קאָלירטע טיכל אויף שטעכיקן דראָט.
די ליבשאַפט פלאַטערט נישט אויף יענעם אָרט.
דער ברוינער מערדער באַהאַלט זיך דאָרט,
בײַם פּלויט, הינטער שטיינערנעם ראָד.

דער פּאַסטוך דערקענט האַנקעס סיגנאַלן.
עס קען דער שונא אים נישט פאַרנאַרן.
די פּויערים לאָזן זיך פון באַהעלטעניש ארויס,
דער פּאַסטוך יאָגט פאָרויס.
אין חרובן, לײדיקן דאָרף — אינדערמיט,
אַ פּויערטע באַ אַ פאַרברענטע שטוב, כליפּעט, קניט.

אויפרייס פון גראַנאַטן, קנאַלנדיקע שאָסן.
דאָרפישער שליאַך מיט בלוט פאַרגאָסן.
ברוינע סאָלדאַטן ליגן בײַם טייך צעריסן.
און שטילע וואַסערן באַ זייער צוקאָפּנס פליסן.

דאָס דערפל פאַרשטילט, פאַרלאָזט.
אויף די לאָנקעס טויאיקער־פראָסט.
דער פּאַסטוך בלאָזט אויפן האָרן.
האַנקע צינדט דאָס גאָלדענע קאָרן.
הינטערן וואַלד שטויבן פּויערישע טריט.
אין זייערע הערצער ברויזט דאָס נצחון־ליד.

## דער שניטער

עס איז די תבואה שוין הויך אויפגעגאַנגען.
שניטער גיי אַרויס, שנייד די זאַנגען.
הויבט דער שניטער אויף די אויגן:
אין מזרח, אין רויכיקן־נעפּל דער פֿלאַמיקער בויגן.
די פעלדער — פייער, די וועגן — צאָרן.
טויט דער פּאַסטוך, עס וועקט מערנישט
דער שאַלנדיקער האָרן.
באַ אויסגעטריקנטע קוואַלן,
טשערעדעס שאָף פאַלן.
די רוישנדיקסטע שטעט וויסט און ליידיק.
די געבענטשסטע טאָלן הונגעריק, הויל.
אומעטום לויערט די קויל.

דער שניטער וויינט:
מיין האַנט היינט — אַ שווערד.
אָפּגעהאַקטע קעפּ — בלוטיקע זאַנגען
אויף דער ערד.

איך בין אַרויס קעגן פיינט.
מיין נעץ פּאַר אים אויסגעשפּרייט.
די נאַכט יאָגט, פינצטערניש רייט.
דער פיינט פּאַרקלעמט אין מיין קלאַמער,
וועט פאַלן אין אַנגסטיקן־יאָמער.
דאַן וועט ווידער בליען מיין בייט.
פרימאָרגן ליכטיק וועט אויפגיין אין מזרח־זייט.

## מײַן חבֿר איז אַוועק

מײַן חבֿר איז אַוועק אין שלאַכט.
די לבֿנה בלאַסט אין דער שרעקנדיקער נאַכט.
מײַן ליבשאַפֿט איבער אים וואַכט.
דאָס האַרץ פֿלאַטערט אין אומרו, אין שרעק.
דער טויט לויערט אויפֿן סכּנות־דיקן וועג.

אָ, טרויער קוועל,
מײַן חבֿר איז אַוועק
פֿאַרשנײַדן דעם מערדער־ריז,
באַפֿרײַען די געגאַרטע שטאָט פּאַריז,
אויפֿרײַסן געשמידטע טירן פֿון פֿינצטערער צעל.
אויף שטראָמיקע גאַסן זאָל ווידער אויפֿגליִען
דער טאָג ליכטיק און העל.
קלינגען זאָל אויפֿסניי דאָס קאַמפֿס־ליד
פֿון די געטרײַע, בראַווע קאָמונאַרן.
טויט דעם פֿאָלק פֿון מערדער־האַרן!

מײַן חבֿר איז אַוועק
אויפֿן אימהדיק וועג.
עס שאַלט אין אים דאָס שטורעם־ליד.
אין אַלע גרויליקע שלאַכטן, אין אַלע לויערנדיקע געפֿאַרן
ברויזן אויף אַרום אים פֿעסטע, גלויביקע טריט
פֿון די שטורמישע קאָמונאַרן.
די ווײַסע נאַכט איז טרוימעריש, העל.
עס פֿירט אים אין בלוטיקער שלאַכט
דער פֿלאַמיקער גײַסט פֿון לואיזע מישעל.

טרויער קוועל,
א מידער פויער דרימלט בא זיין שוועל.
עס שאָטנט דער באוועלדלטער היגל.
עס טוליעט איין מיט פינצטערניש די ערד —
פארנאכטיקער, פלאַטערנדיקער פליגל,
איך זע מיין חבר, ווי אין א פייער־שפיגל.
ער וועט אהיים מערנישט קומען.
פיינלעכע, קאַלטע ווערטער שטומען:
ער איז געפאַלן א העלד
אויפן שלאַכט־פעלד,
ערגעץ אין א ווייטער פרעמד —

אָ, טרויער קוועל,
עס פרייט זיך פאריז,
די הערלעכע שטאָט פון לואיזע מישעל.
אַלע גאסן שטראָמען ווידער ליכטיק, העל.
פארוואָסזשע צאפּלסטו נישט אויף מיין פרייד?
עס רוט מיין חבר אין די קאַלטע אָרעמס פון טויט
אין א פרעמדער, איינזאַמער ווייט — — — —

## די מאַמע וויינט.

אויף דער שוועל לייענט די מאַמע דעם בריוו און וויינט :
דיין זון איז געפאַלן אַ העלד,
צו באַפרייען דאָס לאַנד און די וועלט.
פאַרנאַכטיק, גאָלדיק קריצן די שטערן זיך אַרויס.
דאָס ייִנגעלע איז קליין, ער דרימלט אין דער מאַמעס שויס.
ער איז שוין גרויס,
ער ברענגט אַלע פאַרנאַכט פאַר זיין מיידל
אַ רויטע רויז.

נישטאָ מער מוישעלע־מויש.
זיין פּאָרטרעט שמייכלט איבערן ביכער־קויש.
די מאַמע וויינט אין גרינענדיקן דרויסן.
טרויער־שאָטן קריכט אויפן בוים דעם קרומען.
אָפּגעמעקט אויסגעצערטלטער נאָמען.
דיין ייִנגל האָט געהייסן מויש,
מיינער האָט געהייסן לאַרי.
איבער מיין הויז דעבלט שוואַרץ־כמאַרע.
ער איז געווען יונג, גוט און שיין,
דער ברוינער גזלן איז געקומען צוגיין.
מלחמה־האַלטן איז מיין זון אַרויס פון מיין הויז.
אויף זיין קבר בלוטיקע טרערן גיסט די רויטע רויז.
ווייטיקדיקע שטאַמל־רייד אין מיין מויל שטומען.
אין פייער־גרויל געהייליקט זיין נאָמען.
איך שטיי אויף די ברענענדיקע טרעפּ.
אין פאַרנאַכטיקן פלאַקער דער קאָרן־סטעפּ.
נישטאָ מער לאַרי, נישטאָ מער מויש,
די לבנה טראָגט אַ פאַרבלוטיקטן קויש.
געבליבן איז די זוכנדיקע בענקשאַפט,
די דערמאָנענדיקע, פאַרנאַכטיקע שעה.
דאָס ייִנגעלע איז געווען קליין.
דאָס ייִנגעלע איז געווען גרויס,
ער דרימלט שטענדיק אין דער מאַמעס שויס — — —

## לבנה וואָס לויכסטו?

לבנה וואָס לויכסטו אויפן טויטן לאַנד?
עס האָט דאָ געוויסט דער פייער־בראַנד.
קוילנזשאַר גריזשעט אַ פאַרבלוטיקטן שאַרבן־ביין.
עס שאָטנט אַ מצבה־שטיין.

ווינד איז מיר און ווי פאַר מיין חרובער היים,
פאַרן מענטשישן פאַרזיי.
איך האָב צו דיר לבנה געשפּונען
מיין ליד פון ליכט און פרייד.
אונטער דיין לויטערן שיין
האָב איך דאָס פאַרבענקטע גליק געפונען.
נאָר דער טויט האָט אויף די ריינסטע
די אימהדיקסטע וואָלקנס פאַרשפּרייט:
דער פעטער יונה, זיין קבר צווישן אַ פעלדזן־בייט
אין אַ פרעמדער, וויסטער ווייט.
ישכר ליגט ביים זיידנס זייט.
חיים הערש — דער צנא מלא ספרא,
באַ זיין צוקאָפּנס אוועקגעלייגט.
און דו מיין זון האָסט, ווי פעטער יונה
פון אַלעמען זיך אָפּגעשיידט.
דיין יתומדיק געביין
פאַרזונקען אין ים אַריין.
עס וויינט אין מיר דיין לעצטער, טרויעריקער שמייכל.
איך הער דיינע שטילע, טענהדיקע רייד ביים פּליעסקנדיקן טייכל.

יעדער טאָג בינדט מיך צו אייך נענטער.
איר זענט גוט, ריין געווען.
איך האָב עס אין אייערע אויגן געזען.
מיין שעה ווערט מילדער, טרויעריקער, שפּעטער.
פאַרלאָזט מיך נישט אין ווייטיקדיקער וואַך.
איך רעד צו אייך, עס פאַרנעמט דער לויטערער הימל־דאַך.

לבנה וואָס לויכסטו אויפן טויטן לאַנד?
עס האָט דאָ געוויסט דער פייער־בראַנד.

## אין די אָפּגרונטן פון ימען.

אין די שטילע אָפּגרונטן פון ימען
קלאָגן קינדער, רופן נאָך דער מאַמען.

ווייסע, פּייכטע שטערן האָרכן
איבער אַלע וואַסער־שליאַכן.

אין די שטילע, גאָלדענע אָפּגרונטן
שאָרכען קילע, גלעטנדיקע ווינטן.

אין די וואַסער־טיפן
די וואַסער־ווידמענישן און פישן
קלאָגן מיטן קינדערישן קלאָגן.
מיט זייערע קעפּ די וואַסער־דעק זיי שלאָגן.
די קינדער קענען אין די אָפּגרונטן נישט רוען.
זיי וויינען מען זאָל פון וואַסער זיי אַרויסציען:
זייערע יונגע, צאַרטע גלידער
זאָל די מאַמע־ערד וואַרעמען,
פון שטורעם־וואַסערן זיי באַשירעמען.
און איבער זייערע שטילע קברים
זאָלן לויטערע פרימאָרגנס אויפשיינען,
רויטע פאַרנאַכטן זאָלן אויפגליען.
מאַמעס זאָלן קומען וויינען.
די גיסנדיקע טרערן
זייערע קינדערישע געזיכטער זאָלן בריען.

אין די שטילע אָפּגרונטן פון ימען
קלאָגן קינדער, רופן נאָך דער מאַמען — — —

## קום מיט מיר

האַרבסטיקע, רעגנדיקע ווינטן.
צווישן וואַלדיקע סטעזשקעס שימלען
די מאַכיקע שרינטן.
אין די שטיין־בעקנס
די וואַסערן שוימען.
אין וויסטער שטום
די בערג קלאַמערן מיך אַרום.
איך הער דיין קינדעריש, אויפגעשראָקן געשריי
פון מיטן צעכוואַליעטן מדבר־ים.
רויט־געשטרייפט דער הימל־זוים.
דעם טאָג שלינגט איין דער וואַסער־תהום.
די טונקלעניש רוקט זיך איבערן וואַסער־צאַם.
עס כליפּעט דיין יינגליש, יתומדיק געוויין.
איך שטרעק צו דיר אויס מיינע הענט,
דו ביסט אַזוי ציטערדיק, קליין.
בײַ די מורמלענדיקע וואַסער־ברעגן,
בײַ די שטראָמיקע וואַסער־וועגן,
איך טו פרעגן אויף דיר מיין קינד:
וועלכע כוואַליע איז איבער דיר אַריבערגעשפּרונגען?
וועלכע כוואַליע האָט דיך איינגעשלונגען?
דער ים ברילט ווילד.
דיין יתומדיק געוויין נישט איינגעשטילט.
איך שטרעק אויס צו דיר מיינע הענט.
עס שוימען מיר אַקעגן וואַסער־ווענט.
דאָס לעבן האָט דיך וויטיקדיק פאַרשעמט.
דיין יתומדיקער טרויער אין מיר ברענט.
יינגל מיינס, קום מיט מיר,
איך וועל דיך ברענגען אַהיים.
אויפזוניקן וועט דער טאָג,
וועסט פאַרטרייבן פון אונדזער שוועל די קלאָג.
קום, לאָמיר זיך זעצן אויף דער לאַנקע,
ביים גאָלדענעם בערגל ליים — — —

## זומערדיקע דרויסנס.

זומערדיקע, גרינענדיקע, דרויסנס.
גראָזיקע קילקייט, פאַרוויגנדיקע רו.
נישט אויסגעשפּרייט די שטראַלנדיקע מילדקייט.
איינגעבראָכן די אָבל־שעה.

זומערדיקע, גראָזיקע דרויסנס.
דורך די נעכט, איך הער דעם לעצטן יאָמער־שאַל
צווישן אויפשפּריצנדיקן פייער־קנאַל,
אין די געטאָ־הויפנס.

פרישער קוואַל
קלאָרט צווישן גראָזן־שאַל.
אויפגעשטראַלט די זינגענדיקע חמימה.
אין אַלע גלידער קלאָגט די העשענדיקע ווידו פון דער מומען.
עס שווידערט דאָס לעצט־געזאַנג פון חיים־הערשלען דעם לאָמען.
צעקאַליעטשעטע גופים די טיף רודערן.
שטאַרבנדיקע ווילן זיך געפינען, ווילן צום לעצטן מאָל
זיך אַרומנעמען, זיך צונויפברידערן . . .

זומערדיקע, פאַרבענקטע דרויסנס.
אין מיין צער, שטיין־האַרט זיינען די גראָזיקע קישנס.
נישטאָ דער מקונן אונדזער קלאָג אויסצוקלאָגן.
מיט בלוטיקע טרערן זיינען פול אונדזערע לאָגלען.
איך וויל אין אַלטן פּנקס פון דער הייליקער קהילה פאַרשרייבן :
עס וועט אַ שארית פון אונדז אויף אייביק איבערבלייבן — — —

## אָ, ערד, איך קען דיך היינט נישט בענטשן.

1

פלאַקערדיקער סעפּטעמבער אויף בערגיקער הויך.
דער וואַלד שווימט אין נעפּלדיקן־רויך.
פּרימאָרגן־זון שטראַלט אויף טואיקע פעלדער.
די שטיינער וואַרעמען זיך אין די מאָך־העמדער.

קוועלט די פרייד אין אויפגעזונטער ווייט.
טרייסט באַרוט אין בענקשאַפט, אין פּיין.
עס הערט די ערד דאָ דאָס געוויין
פון מיין געביין:
פאַרוואָס האָב איך דיך פאַרלאָזט
מיין לאַנד, מיין היים, באַלמעלאָכישע הינטערגאַס,
דלות׳דיקער מאַרק?

2

איך ווייס, אַלץ איז אין חורבן.
דער בכור און דער ייִנגסטער זון — באַווייִנטער קרבן.
וועמען באַהיטן?
סיידן, זיך זעצן אויף די שיידוועגן,
בעטן אויף שטורעם־ווינטן, אויף מבול־רעגן,
דער מערדער מיט זיינע חילות זאָלן דערטרונקען ווערן.

וועמען באַשיצן?
סיידן, בא חורבה־הויז זיצן,
אפשר וועט איינער, אַ פאַרבליבענער
פאַרבלאָנדזשען אַהער פון פאַרטריבענע וועגן.
אויף אַ פאַרבליבענעם פרעגן.

באָמבע־פלאַם, אויף מענטש און שטובן.
מיין לאַנד און מיין היים — העלישער שייטער.
דעם מערדערס קלאַמער גרעסער, ברייטער.
מיינע ברידער — העלדישע מחנות
זיינען אַרוים דאָס גרויסע לאַנד באַשיצן,
זיך שלאָגן מיט פלאַמיקע בליצן.
און איך בין ווייט פון זייער בראָך און שווערן שטרייט.
אַ פרעמדער, אויף רואיקער ערד, בין איך געבליבן זיצן,
אין פרימאָרגן, אין צויבערדיקן האַרבסט.
אָ, בלוטיקער פלייץ, מיין היימישע ערד דו פאַרדאַרבסט.
מיינע ברידער מיט אויסגעריננענע אויגן — לעכערדיק־בלינד.

אָ ערד, איך קען דיך היינט נישט בענטשן.
איך גיי דאָ אַ פרעמדער אין פלאַקערדיקן סעפּטעמבער,
און באַוויין די היים, דעם מאַרק און די מענטשן.

## באַטריבט

דאָס וואָס איך טו פון דיר נישט הערן,
טוט מיין האַרץ באַשווערן.
אָן דיר איז פינצטער מיין וועלט.
אויפן שלאַכט־פעלד לאָקערט
דער טויט אויף יעדן ליבסטן העלד.

די נאַכט בלויט הינטערן פענצטער.
די שטערן זיינען ווייס און פייכט און גרויס.
טרויעריק, ליידיק דאָס פאַרדרימלטע הויז.
דורכגעווייקט אין ראָסע די שמעקנדיקע לאָנקעס.
די גראָזן — זילבערנע שפּילקעס.
הינטער שאָטנדיקע, בלעטערדיקע ביימלעך
פליסטערן גאַרנדיקע, יונגע פּאָרלעך,
דאָס פאַרליבטע האַרץ זיי טיילן . . .
ווייטע, קאַלטע לבנה־שטראַלן בלענדן,
אָפן, נאָענט די פאַרטרוימטע הימל־ענדן.
די שטערן — גאָלדענע פיילן,
ברענען אויף די ברייטע, זאַמדיקע וועגן.
דיין געשטאַלט שיינט מיר אַקעגן.
מיין האַרץ איז פאַרליבט, פאַרבענקט און באַטריבט.
דורך אַלע פייערן איך טו צו דיר אַצינדערט איילן.
ווי, תמיד, ביים שעפּטשענדיקן, קלאָרן טייכל
וועל איך אויף דיר האַרן.
די אויסגעבענקטע ליבשאַפט וועט דאָס לויטערע גליק
פאַר אונדז ווייטער שפּינען.
מיין איינציקער, געגאַרטער,
איך בין מיט דיר אין אַלע געפאַרן.
זאָל מיין בריוו אַ געזונטן דיך געפינען.

## די הייליקע ליבשאַפט

### (באַלאַדע)

#### א

ליבער חבר׳ל, שטאָלצער קאָזאַקל אויף געפלעקטן, פלינקן פערד.
שאַרף און בליציק איז דיין שווערד.
דיין יונגע פרייד גליווערט שוין אין דער ערד.
ליכטיקער אָדלער מיינער,
וואו דרימלען דיינע ביינער?

די פעלדער אויפגעבראָכענע, בייכיקע גריבער.
וויסט די ווייסע, דאָרפישע שטיבער.
די טייערסטע ברידער וועלן צוריק נישט קומען.
שטילער וועט נישט ווערן דער וויטיק, נישט אָפּגעמעקט זייער נאָמען.

נאָענטסטער חבר׳ל, עס פרילינגט.
עס ווינטיקט שוין דער חודש מאַרץ.
פול מיט טראָפּנס־געוויין איז מיין האַרץ.
ערשטע, גרינע בראָדעווקעס אויף ביימער.
עס גראָזט צווישן וואַלגער־שטיינער.
און איך הער נישט מער דיינע לוסטיקע טריט.
טרויער און טרער אויף שכורנדיקן צוויט.
דעם גאָלדענעם זאַמדן־ברעג שווענקט די גרויע וועל.
דיין מאַמע וויינט באַ דער אָפּגעריסענער שוועל.
אין ליידיקן אַלקערל
הענגט דאָס האַרבסטיקע, פלאַמיקע בלעטער־קרענצל
איך גלעט די אויסגענייטע, רויטע טראָלדן אויף דיין פעלצל.

איך בין אויך אַ סאָלדאַט.
די ביקס אויפן אַקסל, הינטערן שינעל דער פּלאַמיקער בלאַט.
די בלוטיקע שלאַכטן ברויזן.
אין דיין האַנט פּלאַמט דאָס בינטל רויזן.
עס שמייכלט צו מיר דיין ערלעך געזיכט.
טויאיקע פּאָרע אויף די פעלדער נידריק, געדיכט.
אין גרויען נעפּל, די אָנגעצונדענע זון — אַ רויט ליכט.
די ריינע ליבשאַפט אין פרימאָרגן מיר טראָגן.
ביסט יינגליש־שעמעוודיק, קענסט דאָס וואָרט נישט זאָגן.
אַזוי האָט דאָס גליק געצויבערט צו אונדז אין יענע פרילינגדיקע פאַרטאָגן.
אַזוי פיבער איך דורך אונדזער פרילינג אין יעדער שלאַכט.
מיין ביקס מאָנט דעם מערדער, מיין האַרץ ווערט פון בלוט נישט זאַט.

ב

עס בערגלען זיך די ברידער־קברים אין ברייטן, ליכטיקן סטעפּ.
דאָ האָט אייער העלדן־גייסט אויפן רויבער־ריז געשליידערט פייער־קלעפּ.
איר האָט מיט אייערע גלויביקע, פרייע הענט פאַרמויערט פאַרן שונא דעם וועג.
די ליבשאַפט אין אייער יונגן בלוט שפּראָצט הינטער אויפגעגרינטער גראָזן־שאַל.
עס ציטערט דינער, וואַרעמער פרימאָרגן־שטראַל.
עס היטן אייך אין טרויער די אייגענע, יונגע, בענקענדיקע טעג.

ליבער חבר, צאַרט יינגל מיינס,
עס גרינט אין מיר דאָס ריינע, קעמפערישע לעבן דיינס,
עס וואַקסט אין זיגן־פרייד.
דאָס ליכטיקע, רויטע חיל טרייבט דעם שונא פון יעדער זייט.
דער נאַצי־היישעריק וועט נישט אַנטרינען.
אונדזערע שליאַכן וועלן זיך פאַר זיינע טריט אויסקרימען.
אין אונדזערע טייכן וועט ער דעם טויט געפינען.
אין לעצטן נצחון־טאָג אויך דיין נאָמען וועט מען דערמאַנען.
די ברידער און שוועסטער פון דעם אויפגייענדיקן לאַנד וועלן דיך רימען.

און — איך וועל אין אויפגעאַקערטן סטעפּ דיין קבר געפינען.
עס וועט אַ גראָזן־בייט אויפגרינען.
אין וואַלד דאָס וואַסערל וועט כליפען.
איבער די אויפגעאַקערטע טאָלן,
אין דער פאַרדרימלטער־רו, די ערשטע פרייד וועט היפען.
און איך וועל דיין לעבן אין מיין בענקשאַפט אַריינשפּינען.
און שטיל אַזוי און ריין וועט די ליבשאַפט אין מיר ברענען:
באַנאַכט וועט לבנה שפּיגלען אויף בארוטן סטעפּ.
איך וועל אַרויפשטייגן צום גרינעם באַרג־קאָפּ אויף ווייסע, לבנהדיקע טרעפּ.
איך וועל דיך אָננעמען און פירן דיך באַ דער האַנט,
און ווייזן דיר דאָס פרידלעכע, גרויסע לאַנד —
און שטיל אַזוי און ריין וועט די ליבשאַפט אין מיר ברענען,
ביז דער לעצטער טאָג וועט מיין לעבן אויסברענען.
מיין געלעגער וועט געגראָבן ווערן באַ דיין זייט.
אויף אייביק וועט דער פרילינג אונדז איינהילן אין זיין גראָזן־קלייד —
— — — — — — — — — — — — — — — — — —

ליבער חבר,
אין די פלאַקערדיקע פאַרנאַכטן,
איך זע, ווי דו לאָזט זיך אַראָפּ פונעם זאַמדן־היגל.
דער שונא האָט דיין שטיל, ליכטיק לעבן איבערגעהאַקט.
מיין בענקשאַפט וויינט אויף פאַרהוילענעם שטעגל,
אויף אָפענעם, שטראַליקן טראַקט.

## פֿאַרשאָלטן זאָל זיין

עס גאָלדיקן די זאַמדן.
פֿייכט און בלאָנדזשענדיק וואָלדיקע וועגן.
דער הימל אַרומגעבונדן מיט פֿייער־באַנדן.
אויפֿן טייך פֿלאַקערט זוניקער־בויגן.

און אָן ביקס, אָן שווערד,
גייט אַ מענטש דאָ אַליין און פֿאַרטראַכט.
פֿרידן־רו אויף באַגראָזטער ערד.
ליבשאַפֿט דאָס האַרץ באַגערט.
אין גליק דאָס אויג טרערט.

שטויבט אַ וואַנדערער פֿון ווייטע שליאַכן.
ברענגט פֿון דאָרף און שטעג דאָס פֿריידיקע לאַכן.
דאָס פּנים פֿאַרברענט, שטייף די הענט.
די זון וואַרפֿט גאָלדענע רייפֿן אויף בערג־ווענט.

דער מענטש אָן דער ביקס, אָן דער שווערד,
רעדט צו דער גרינער אָפֿנקייט,
צו דער בליענדיקער ערד:
עס איז דער וועלט ליכט און ליבשאַפֿט באַשערט,
פֿאַרוואָסזשע חרובט אומעטום די שווערד?

ציטערט אויף דער אַרום, ערגעץ קראַכט...
די שטומקייט האָט די שרעק ווידער געבראַכט.
דער מענטש אָן דער ביקס, אָן דער שווערד,
גראָבט איין דאָס פּנים אין דער גראָזיקער ערד,
זיין האַרץ אין שנאה ברויזט:
פֿאַרשאָלטן זאָל זיין דער וואָס האָט אויפֿגעהויבן די שווערד — — — —

## נישט ציט צוריק דאָנער קאָזאַקן!

### א

היי, קאָזאַקן אויף די הייסע פערד.
עס שווינדט הינטער אייך די ערד.

ברייטע הויזן, רויטע לאַמפּאַסן,
צום ברוינעם שונא אַזאַ פּיבערדיק האַסן.

קרומע שווערדן, מעסערדיקע קינדזשאַלן.
איבערן גאָלדענעם סטעפּ נקמה־לידער שאַלן.

היי, קאָזאַקן מיט די קלינגענדיקע שפּאָרן.
עס קלינגען אייערע קריגס־לידער אין הויכן, וויגנדיקן קאָרן.

גאַרנדיקע, ליבנדיקע מוידן בענקען נאָך אייערע ווינטיקע טשופּרינעס.
זייערע אויגן — קוועלנדיקע, טיפע ברונעמס
לאָקערן אויף סכנה־וועגן,
הינטער חורבות, הינטער שינעס.
זייערע הענט — בליציקע זעגן,
דעם ברוינעם היצל צעזעגן.

ב

ברידער, דאָנער קאָזאַקן.
דער פּײנט שלײדערט זיך טיפער אין אײערע שלוהדיקע, זאַנגענדיקע סטעפּעס.
עס פלאַקערן אײערע דערפער — די זינגענדיקע נעסטן.
אין פײער־שניט די קאָרנפעלדער, נאָדלבײמער און די שטאַמיקע ליפּעס.

נישט ציט צוריק דאָנער קאָזאַקן.
צעברעכט אין גבורהדיקן צאָרן דעם שונאס נאַקן.

אויפן ליכטיקן דאָן בלוטיקע שטראָמען.
זאָל דער נאַצישער מערדער אין די אָפּגרונטן אומקומען.

קלאַמערט איין דאָס גערמאַנישע חיל אין גליענדיקע רײפן.
אויף נאַצישע העלדזער זאָל אײער הײליקע שווערד זיך שלײפן.

די ברוינע שלאַנגען־קעפּ זאָלט איר צעהאַקן.
זײער לעצטן וועג אָפּהאַקן —

ג

היי, קאָזאַקן אויף די פלינקע פערד.
עס ציטערט הינטער אײך די ערד.

היי געשווינד, געשווינדער.
ראַטעוועט ווײַב און קינדער,
שאָף און רינדער.
דורכבויערן זאָל אײער שפּיז,
דאָס האַרץ פון רויבער־ריז.

אויפן ליכטיקן דאָן שטראָמען בלוטיקע וועלן.
טויט דעם שונא בײַ די גרינע בערג־שוועלן.

קאָזאַקן פרײַע בירגער, אומדערשראָקענע פרײַהייט־קריגער.
דאָס נצחון־ליד זאָל שאַלן.
דער שונא אונטער אײער שווערד וועט פאַלן!

# קאָזאַקן

א

פּלינק קאָזאַקן אויף די פערד.
פייער־ווינט אויף סטעפּישער ערד.

זאַמלט איין דאָס גאַנצע פאָלק.
עס רייטן קאָזאַקן פּאָלק נאָך פּאָלק.
יונג און אַלט, מאַן און פרוי,
מעכטיק געשריי הינטער סטויגעס שטרוי.

עס קלינגען די פּיקעס אין די רייטערס הענט.
צאָרן־געשריי צווישן רויכיקע ווענט.

הייסער אַש אויף ברייטע וועגן.
צער כליפּעט אויף שטילע שטעגן.

ב

היי קאָזאַקן טרייסלט אויף סטעפּישע שטילקייט.
קראַכט אויף בערגיקע ווילדקייט.

ווייטיקדיקער צאָרן זידט,
צעטרעט דעם היישעריק מיט אייזן־טריט.

אָנגעגליט דער הימל־שירעם.
שטאַרק און שמעטערנדיק אייער אָרעם.

ג

פּלינק קאָזאַקן אויף די פערד.
פייער־ווינט אויף זאַנגען־בערד.

דעם שונאס וועג אויף צוריק
פאַרוויסט, נישט־דערקענט.
שליידערט טויט,
דעם נאַצי־היישעריק פאַרלענדט.

## די באַפרייער

פאַרנאַכט,
אין די וויסטע דערפער איינזאַמע, הונגעריקע הינט קלאַגן.
באַוואָפנטע רויטע אַרמייער
אויף פלינקע פערד אין גאַלאָפּ זיך טראָגן.
פון ערגעץ, אַ באַהעלטעניש לויפט אַ באָבע אַרויס
פון אונטער אַ פאַרקוילט, איינגעוואַלגערט הויז.
אַלע קנייטשן אין איר פנים שמייכלען.
פון גליק אירע הענט זיך טרייסלען.
זי נויגט זיך איין, בענטשט די בראַווע קינדער.
די רויטע שטערנס אויף די היטלען שטראַלן.
זי קושט דעם שטויב פון זייערע טריט,
איר פאַרטרערטער בליק אין ווייטקייט ציט.
האַרמאַטן קנאַלן פאַרטויבנדיקער, ווילדער.
די באַפרייער קערן די צעפלאַמטע פנימער
צו דער באָבעס זייט.
פליסטערנדיקער, צאַפלדיקער געררייד.
די אויגן פייכטן אויף, ווי ביים צעשייד.
די באָבע ווישט דאָס פנים
מיט דער שליאַרע פון איר צעטעפּעטן קלייד.
די באַפרייער טראָגן זיך אַקעגן דער פלאַקערדיקער ווייט.
דער הימל ווערט מיט גליענדיקע, שפּיזלדיקע שטערן פאַרזייט.
ברענענדיקער ווייטיק נאָך נקמה שרייט.
זומערדיקער טראָט שמעקנדיק גרינס באַ ווענן פאַרשפּרייט.

די באַפרייער — פרידלעכע, פּויערים־קינדער,
מאָלן זיך: הויכע באַגינענס, באַגראָזטע פּליינען,
שאָף און רינדער, רואיקע דערפער, בליענדיקע בייט,
דרימלענדיקע הינט אויף דער קייט.
שטראַליקער, וועקנדיקער פרימאָרגן,
אַ האָן אויף אַ פּלויט קרייט.
אַן אַלטיטשקע באָבע דערלאַנגט כיבוד
פאַר די בראַווע, וואוילע לייט.
אויף די פעלדער גאָרנישט גייט לאיבוד,
די מיענדיקע האַנט פאַרן אַרבעטס־מענטש
פון אַלדאָס גוטס פאַרגרייט.
אַצינדערט, די באַפרייער שלײַדערן גראַנאַטן.
זיי אַקעגן דער מאָרגן טוט אויפלאַכן.
דאָס צעוואונדיקטע לייב, דאָס ברענענדיקע האַרץ
נאָך נקמה שרייט.
דעם שונאס ביינער אויף אונדזערע פעלדער פאַרזייט.

דאָס רויטע חיל שפּאַנט,
באַפרייט ווערט דאָס לאַנד.
איך זע דאָס אויפן וואָר:
איך זע דאָס אין דמיון,
אויך איך אויף אַ פלינקן פערד טו זיך יאָגן.
מיטן שאַרף פון שווערד איך טו דעם שונא שלאָגן.
איך שטעל זיך אָפּ, איך נעם די באָבען אַרום,
אין טייך אויפגעבערגלטע כוואַליעס שלאָגן.

## נאָך דער שלאַכט.

יאָמערלעכער פאַרנאַכט.
דער הימל — אַ רויטער כאַלאַט.
עס איז שוין נאָך דער לעצטער שלאַכט.
דורכגעווייקט אין בלוט דאָס פעלד.
עס רויכערט נאָך דער פיסק פון האַרמאַט.
פון טייך יאָגט פאַרנאַכטיקע קעלט.
די רויטע קריגער זאַמלען זיך צונויף.
דאָס כלי זין אָפּגעקילט, אָפּגעשרויפט.
מיט זינגענדיקן מאַרש די רויטע קריגער קומען אָן.
אין שטילן שאָרך ווינטלט זיך די רויטע פאָן.
איבערגעריסן איז די בריק.
עס נעפּלט דאָס שלאַכט־פעלד.
די רויטע קריגער בויגן די מידע קעפּ
פאַר די געפאַלענע ברידער.
עמעצער אין שטילגעוויין לאָזט זיך אויף די קני אַראָפּ.
פאַרגייענדיקער טאָג ברענט, ווי אַ פייער־סנאָפּ.
די רויטע קריגער שטעלן אַוועק דאָס געווער
אינמיטן, חרובן, פאָרכטיקן וועג.
נעמען שאַרפן האַמער און זעג.
די בריק ווערט אויפגעשטעלט.
ערשטער, גרויסער פרידן אויף דער וועלט.
אין איטלעכן געמיט זינגט אויף
דאָס ליד פון פרייד, דאָס אַרבעט־ליד.

## זינג אויף.

א

זינג אויף פרייד
אין פּראָסטן, אין פּויערישן קלייד.

אויפגעאַקערט איז דאָס קאָרנפעלד.
פון מי די ברכה נידערט אויף דער וועלט.
פּאָטערס, טעכטער און זין,
אַלע נאָכן אַקער ציען.

דער גיסנדיקער שוויים — באַפרוכפּערנדיקער זאַפט,
פּאַר געבענטשטער מי, פאַר דער יונגער ערד,
פּאַר איר אויפגייענדיקער קראַפט.

פרייד־געזאַנג
אין יעדן מיענדיקן טראָט,
אין יעדן קלאַנג.

ב

אינמיטן טאָג די זון אין גליען.
די בערג פאַרדרימלטע קניען.
אַלע זיצן אונטער צווייגן־שאָטן.
שטראַלן היפּען אויף די טעלעגראַף־דראָטן.
איבער די פרישע סטעזשקעס פייגל פליען.
אין די טאָלן דער פּאַסטוך מיטן האָרן,
און די פּאַשענדיקע קיען.
פון זיך אַליין מישן זיך אין טרויעריקן סקרוך
די בלוטיקע בלעטער פון פאַרצייטיקן לעבנסבוך.
די פּאָטערס דערציילן פון די גרויסע, איינגעזאַמלטע טעג
צו די יונגע טעכטער און זין:
עס איז געקומען דער שונא — דער דייטשישער שפּין.
ער האָט זיך פאַרשפּרייט איבערן לאַנד ביזן גאָלדענעם ראַנד.
ער האָט דערגרייכט ביזן וואַלד, ביז אַהין,
ביזן בינשטאָק, ביז דער זשומענדיקער בין.

אונזער בלוט אויף אַלע טייכן איז געפלאָסן,
אויף אַלע וועגן זיך געגאָסן.
אונדזער בלוט איז דעם שונא נאָכגעלאָפן.
אָט דאָרט, ביים גאָלדענעם ראַנד אים פאַרלאָפן —
רויט זיינען אין וואַלד די בלעטער פון בלוטיקן ראָסט.
דערפאַר אונדזער לעבן גוט און ערלעך, ליב און פּראָסט.

אונדזער ליכטנדיקער הערב —
דער האַמער און סערפּ.
מיר זאַמלען איין דאָס גוטס פון דער ערד,
אין נייע שייערס, אין פרישע, געפלאָכטענע קערב.

ג

די פּאָטערס דערציילן.
זין און טעכטער די טרויעריק־טריפנדיקע
ווערטער ציילן.
הייליק, געהייליקט די ערד.
יעדער אין זיך שווערט:
טייער צו האַלטן דעם ליכטיקן אַרב,
צו בענטשן די פריידיקע מי,
פון באַגין ביז פאַרגייענדיקן גלי.
יעדער זאָגט צו זיך:
אויב מען וועט ווידער דאַרפן אַ שווערד האַלטן,
גיי אַרויס און דעם שונא פאַרדאַרב!

און פּאָטערס, טעכטער און זין
שטייען אויף, לייגן אַ פרישע, בליענדיקע צווייג
אויפן גרינענדיקן העלדן־קבר אַרויף.
אין שטיל־שווייגן, מיטן פּנים צום מערבדיקן גלי,
הייליקן זיי די געבענטשטע מי.

און לידער — פרייד געזאַנג,
אין יעדן מיענדיקן טראָט,
אין יעדן קלאַנג.

## טרייסט ליד.

מיין פאָלק, וואו זיינען אהינגעקומען דיינע איידלמענער?
פארוואָס פלאטערן נישט דיינע פרייהייט־פענער?
וואָס איז געשען צו דער שטאָט פון רוישיקער פרייד?
ווער האָט פארטיליקט דיינע גבורים — די שטאָלצע קריגסלייט?
דער פיינט האָט געמאכט צו שטויב און צו שפּאָט.
זיי צעטראָטן הינטער צייניקן ראָד.
פארוואָגלטע אויף ווילדע וועגן,
צו ווייטסטע פרעמדן.
אין ברענענדיקע מדבר־זאמדן,
צו גרויליקסטע שאנדן,
צו ווילדע ענדן —

וועט בלייבן אויף אייביק דאָס לאנד פארוויסט?
די הייליקע פרייהייט אין זייערע הערצער בריט.
די גבורים — צעבראָכענע שפּיזן אין זייערע בלוטיקע הענט.
די פארצוקנדיקע חיה וועט ווערן פארלענדט.
אויף זייערע לייבער קנאלט באצווינגערס רוט.
עס ברויזט אין זיי דער העלדנמוט.

די שטאָלצע קריגסלייט, הויך וועלן פלאטערן
זייערע פרייהייט־פענער.
אין הייליקן שלאכט זיינען ארויסגעטראָטן
די ליכטיקסטע זין און טעכטער, די מוטיקסטע מענער.
די קינדער פון מיין פאָלק וועלן ציען צום היימלאנד צוריק.
פון אלע עקן זיי וועלן זיך צונויפזאמלען.
שאלן וועט דאָס ליד פון פרייהייט־זיג.
דער גאָלדענער מאָרגנשטערן איבער זיי וועט פלעמלען.
באפרייטע האנט,
אויף אייביק וועט פארזייען
פרידן־פרייד אין דעם בליענדיקן לאנד — — — —

## מיין זאָג

פון דער ווייט וועל איך קומען.
די וויסט אַרום מיר וועט שטומען.

אונטער געוואַלגער פון האָלץ און שטיינער,
פאַרבלוטיקטע שאַרבנס, יונגע ביינער.

זון וועט שרפהדיק שלאָגן.
אַ פלאַטערדיקע קראָ איבערן טייך וועט קלאָגן.

זיין וועל איך דער ערשטער, איינער.
אין דער היימישער חרובער שטאָט — מער קיינער.

וועל איך אָפּרייניקן זשאַווער, טויט און חורבן.
מנוחה וועל איך ברענגען צו שאַרבנס און ביינער.
לזכרון איך וועל אויסקריצן אויף מצבה־שטיינער:
דאָס לעבן איז הייליק, פאַרגעבונג נאָך ריינער.

און ווען אַלץ וועט זיין געענדיקט,
וועל איך אויפשלאָגן מיין געצעלט
אין געבענטשטן טאָל.

אין יענעם טויאיקן, לויטערן פאַרטאָג,
וועט שטיל ווערן פאַר מיין קול,
יעדע באַשעפעניש פון היינט, פון אַמאָל.
פול מיט גנאָד וועט זיין דער קלאַנג פון מיין זאָג:
דאָס לאַנד פון פרידן, וועל איך רופן דעם טאָל.

## איך צינד אָן.

צווישן חושך־ווענט באוואכט,
איך צינד אָן העלע פייערן באנאכט.
אָנגעשאַרפט, פינקלדיק איז מיין אויג.
איך לויף אַקעגן יעדן שאָטן־בויג.
איך וויל דערזען דיין געשטאַלט,
דערהערן דיין ליכטיקן גאַנג.
ווייל צוגעזאָגט האָט מען צוגעזאָגט
אונדזערע עלטערן פון לאַנג:
אַז ווען דו ביסט אין דער שרעקנסצייט דערשיינען,
דעם נייעם מענטשן צו קרוינען —
אין גרויסן טאָג טוסטו אונדז דערמאַנען,
הער דאָס יאָמער־געשריי אין די קלאָמער־פיינען.
מיר זיינען צעבראָכן, ווינציק און שוואַך,
דער רוצח שפּאָט פון אונדז און לאַכט.
די אויסדערוויילטסטע גייען אויס אויפן שייטער,
גיב אַ צייכן, אייל אַרויס רחמימדיקער רייטער.
הינטער פעלדזן־ווענט באוואכט,
איך צינד אָן העלע פייערן באנאכט.
אייל אַרויס רעטער,
יאָג געשווינד רחמימדיקער רייטער!

## אַ תפילה

גאָט, פאַרפול צוריק יידישע שטעט און שטעטלעך.
יידישע שטיבלעך מיט ערלעכע, האַרציקע יידן.
בוי ווידער אויף די חרובע יידישע געצעלטן.
אָ, גאָט, דו אַליין מיט דיין חסד,
טו איבער אונדז געוועלטן.
די פרייד פון נייטאַרינס וועט אויפקלינגען באַ ניי־מאַשינען.
דער שטילער טרוים וועט אין אויסגעבענקטן ליד זיך ווייטער שפינען.
שטאַרקע, פאַרהאַרעוועטע הענט וועלן בענטשן די אָנקומענדיקע רו,
יידן־פויערים וועלן ציען דעם ניגון אויף פרידלעכע, באַלעבטע וועגן.
אין ליכטיקן האָפן וועלן אויפזינגען צו דיר
פון טיפער זעל, דעם פאַסטוך דודס טרייסטנדיקע געזאַנגען,
די ריינסטע לידער, די פרומסטע לויבן.

גאָט זאָלסט אונדז ווידער דערהויבן.
הויב אויף דיין פאָלק פון די פאַרבלוטיקטע שטויבן!

### גערמאַניע

פאַרצויגן איז דער טרויער־שלייער.
מיר געדענקען פראַנקפורט און שפּייער.
בלוטיקער פליִיץ, טויט און חורבן,
פאַרשאָלטן איז גערמאַניע און פאַרדאָרבן.

דעמלט, אין האַנט דער צלם.
איר שכורט אין גערויבטע, זילבערנע כלים.
די יודן ווילן זיך נישט טויפן.
די יודן ברענען אויפן שייטערהויפן.

היינט, מען טאָר באַ יודן נישט קויפן.
די יודן קענען מערנישט אַנטלויפן.
די יודן גייען אוים אין די שמוציקע געטאָ־הויפן.
אין גערויבטע, זילבערנע כלים בלוט טוט איר זויפן.

גערמאַניע, אויף דיין ערד, פאַרשרייבט יעדער יידן־דור,
אויף אייביקע יאָר,
דאָס פּיינען־געזאַנג,
אין לעצטן, כליפּעדיקן צאַנג.

ביסט אויפגעשטאַנען אויף אונדז עמלק.
אונדזערע טעג בלוטיקן, אונדזערע טויטע אָן צאָליק.
מיר טראָגן מיט שטאָלץ דעם נאָמען ישראל.
פון צווישן אונדז וועט אויפשטיין אַ קריגער, אַ גואל.

גערמאַניע, מיר וועלן אַראָפּרייסן דעם טרויער־שלייער.
מיר וועלן נישט שענקען פאַר וואַרשע, לובלין, קיעוו, פראַנקפורט און שפייער.
אַלע טייכן וועלן דיין בלוט שווענקען.
פון דיינע שטעט וועט נישט בלייבן קיין גאַנצער ציגל.
דיין לאַנד וועט באַדעקן דער היישעריק און דאָס ווילדגעפליגל.
פאַר האַקן מענטשלעכע קעפּ אויף מאַרק־קלאָץ,
וועלן מיר אויסרייסן דיין גיפטיקן וואָרצל,
אויסהאַקן פון דיר פאַרדאַרבנדיקן שפּראָץ.

עמלק אָנגעגרייט איז דיין שטראָף.
שרעקלעך וועט זיין דיין סוף.
דערנאָך וועט אַרויסשפּראָצן פון דיר אַ דור,
גוט ווי אַ מענטש, אין אַ מענטשן געראָטן.
גוט וועלן זיין זיינע געבאָטן,
זיינע וועגן ערלעך און קלאָר,
אויף אייביקע, אייביקע יאָר.

## קיינמאָל נישט שענקען.

געטאָ, אין דיין צעווינטיקטן אַש, אויף דיינע שטיקער, פאַרבלוטיקטע שטיינער,
וועלן דורות לייענען וועגן דיין פּייניקונג, קאַמפּסמוט און העלדנטויט.
זיי וועלן לייענען, שטוינען און וויינען —

אין פאַרנאַכטיקן, טרויעריקן שיין אַ מאַמע קומט צוגיין.
יעדע חורבה־וואַנט — אַ מצבה־שטיין.
די מאַמע באַרירט דעם ווייס־דינעם שטויב.
איבער איר פלאַטערט אַ פאַרוואָגלטע טויב.
דער מאַמעס וויינענדיקע האַנט
גלעט דאָס צאַרטע, יונגע לייב
פון אַ פאַרשניטן, יידיש קינד
אין העלישן פייער־בראַנד.
דורך טרערן־נעפּל זי פאַרנעמט
דאָס בעטנדיקע כליפּען פון קינדערישער, פאַרפּייניקטער זעל
באַ דער פאַרבלוטיקטער, איינגעטראָטענער שוועל.

זומער, אָן איינזאַמער, בליענדיקער בוים
פלאַקערט אין פאַרנאַכטלעכן, רויטן שיין.
טראָפּנס־טוי טריפן פון גרינעם בלאַט.
ווינטער, קושט דאָס שטויביקע, קינדערישע לייב
דער שנייאיקער צודעק פון שבט.
די חרובע שוועלן, די טאָוול־ווענט —
בלוטיקע בלעטער אין גרויליקן ספר פון געדענקען.
די חורבות טרויעריק־פאַרטראַכט פרעגן
דעם העלן טאָג, די אויסגעשטערנטע נאַכט,
דעם שניי און דעם רעגן:
וועלט, פאַרוואָס האָבן די גערמאַניער
אויף יונגע, בענקענדיקע לעבנס
דעם וויסטן טויט געבראַכט?
בלוטיקע שטראָמען זידן,
די ערד־טיפן שווענקען:
וועלט, זאָלסט די רוצחים
קיינמאָל נישט שענקען!
נישט שענקען!

## גואל הדם.

זיי וויסן מיין זון, —
דער גערמאַנער האָט מיין שטעטל מיט דער ערד אויסגעגלייכט.
פון בית־מדרש ביז דער לאַנגער בריק — יערנדיקער גרינזומפּ.
אין ווילדגראָז, אין קראָפּעווע די סמעדיקע שלאַנג שלייכט.

מיין משפחה האָט דער שונא געפאַנגען.
אין זיינע קלאַמער־צוואַנגען זיי זיינען אויסגעגאַנגען.
הונגעריקע, שטרויכלענדיקע מיט צעבלוטיקטע לייבער
האָט ער זיי געשלעפּט הינטערוועגנס,
אין קרירהדיקע, זאווערוכעדיקע טעג און נעכט.
אין יאָמערדיקע דרויסנס, פאַר די אויגן פון טאַטעס,
האָט ער געקוילעט די מאַמעס, די קינדער.
אָ, שוידערנדיקע גרוילן:
די באָבע לאה האָט קוים באַוויזן ווידוי זאָגן.
דאָס אייניקל חיים הערשל איז אויף פייערקוילן געשפּרונגען,
דעם אינטערנאַציאָנאַל געזונגען.
דער מערדער האָט געצאַפּט זייער בלוט.
דערשטיקט זיי מיט לופט.
לעבעדיקערהייט זיי אין גראָבנס געוואָרפן.
הינט האָבן זייער וואָרעם, צאַפּלדיק לייב געפּליקט.
און די רוצחים באַזויפענע האָבן געקייכט.

אַזוי האָט דער גערמאַנער פאַרשניטן
אונדזער דורותדיקן, צעצווייגטן שטאַם.
איך וויים נישט די הריגה־ערטער.
זייער נאָמען נישט פאַרשריבן אויף מצבה־ברעטער,
דער בלוטיקער באַרג־גרוב איז אָן אַ צאַם.
פון הימל פלייצט דער טרערן־ים.
דאָס בלוט וויינט פון ערדן־תהום.
און אַ יעמערלעך קול קרעכצט דורך די נעכט:
שטעל אויף דעם גואל הדם!

שטיי־זשע אויף מיין זון,
מאַן אויף דאָס בלוט!
שלאָג דעם מערדער,
טויט אים מיט דער פייערדיקער רוט!
זיינע שטעט צעשטער,
לאָז אראָפּ דיין שווערד שאַרף און שווער.
פאַרשנייד אים, לאָז נישט איבער קיין יינגלינג,
קיין זקן, קיין שאָף און קיין רינד.
דערבאַרעם זיך בלויז אויף אַ זויג קינד.
טו צו אים אַזוי, ווי ער האָט מיר געטאָן.
לאָז נישט איבער קיין הויז, קיין ציגל,
קיין גאַנצן שפּאָן, קיין בליענדיקן שפּאַן.
ווייל רויט האָט ער געמאַכט דעם קלאָרן וואַסער־שפּיגל.
ווייל וויסט און פאַרוויסט ער האָט מיין שטילע היים,
מיין שיין און בליענדיק לאַנד.

און ווען עס וועט געשטילט ווערן דער נקמהדיקער זאָט,
וויקל אויף די צען געבאָט:
דעם נייעם, אויפגייענדיקן, דייטשישן דור
זאָלסטו באַשירעמען,
זאָלסטו לערנען:
לא תרצח — זאָלסט נישט מאָרדן!
פרידלעך זאָלסטו רוען אין דיין גאָרטן!

## יצחק לייבוש פּרץ אויף די זאַמאָשטשער גאַסן.

א

זומער פאַרנאַכט, די שויבן בלאַסן.
יצחק לייבוש שפּאַצירט אויף די זאַמאָשטשער גאַסן.
די פאַרקאָפּטשעטע לאַמטערנעס פלעמעלן.
פרומע שטערן צינדן אָן די בלוי־פאַרטרוימטע הימלען.
עס אומעטיקן די קילע, קעלערדיקע פּאָטשענעס,
די נידריקע ציגל־געמויערטע הייזער.
אויפן טורעם־זייגער שאָטענען די ווייזער.

יצחק לייבוש פּרץ שפּאַצירט איינער אַליין.
די פינצטערע הויפן, די געדרייטע דורכגענג —
טונקעלע, פּאַרציייטישע היילן.
ביים שטאָט טויער שרעקט
די חרובע פעסטונג־מויער.
שוואַרצע קראָען קראַקען
אויף די פאַרמאָכיקטע, קרישלענדיקע זיילן.
און יידן לויפן אין אַלטן בית־מדרש אַריין.
חומש מיט רש״י, אַ פּרק משניות, אַ בלאַט גמרא
ווערט קלוג פאַרטייטשט אין האַרציק, זינגעוודיקן יידיש.
יצחק לייבוש ווייסט דאָס געבראָכענע געמיט פון יעדן יידן.
אין די פאַרנאַכטן, נאָך מנחה־מעריב,
ביי צעקאַרבטע, פאַרחלבטע טישן
לויכט אויף דער גלויבן, דאָס לויטערע האָפן,
און דער טיפער, טרייסטנדיקער פרידן.
דער גלות־עול פאַלט אַראָפּ.
אין די הויכע הימלען שוועבט דער קאָפּ . . .
יצחק לייבוש דערפילט דורותדיקע בענקשאַפטן
אין אים זינגען.
פאַרצייטישע, גאַרנדיקע ניגונים יונג, גלויביק קלינגען.

אונטער זיינע פלינקע טריט ציטערן אויף סאַמעטענע שאַטנס.
אין איינזאַמע, שטילע בית־מדרש ווינקלען
שאָקלען זיך אין ברייטע, לאַנגע טלית־קטנס,
די טרוימערישע, פרומההאַרציקע יוחנן וואַסערטרעגערס,
די פאַרהאָרעוועטע, שוויַיגנדיקע דאָרפסגייערס,
גאַנץ און ריין זייער גלויבן.
זייערע מעשים ערלעך, פרום און פשוט.
דורך טרויעריק, פאַרטרערטן תהילים־ניגון
זיי רעדן יעדע רגע צו גאָט — — —

שטילער ווערט יצחק לייבושס פאַרטראַכטער גאַנג.
דאָס פריידיקע האַרץ — לויטער געזאַנג.
און — אָט דערהערט ער קינדעריש געוויין.
ביי אַ בלאָטיקער שוועל בלייבט ער שטיין.
ער בויגט זיך איין.
זעליקל שוסטערס יינגל זיצט איינער אַליין און וויינט:
איך בין הונגעריק, איך וויל אַ שטיקל ברויט.
דאָס יינגל אויסגעדאַרט, קליין.
עס בלאַסט זיין דינע הויט.
יצחק לייבוש נעמט אים אויף זיין שויס,
ווישט זיינע טרערן אויס.
ער קויפט אים פרישע בייגל מיט פּוטער.
און ביידע שפּאַנען זיי פון שטאָט אַרויס,
איילן פאַרביי דעם פּריצס גיטער . . .
זומער נאַכט שמעקט אויף מיילן און מיילן.
יצחק לייבוש נעמט דעם יינגל אַ מעשהלע דערציילן:
נישט אייביק וועט די אָרעמקייט געוועלטן.
אויפשיינען וועט אַמאָל דאָס לאַנד פון ליכטיקע געצעלטן.

א יידיש יינגל דאַרף זיין גרייט
צו גיין אין שטרייט,
ביז דאָס גרויסע, אויסגעבענקטע גליק
וועט אומעטום זיין פאַרשפּרייט,
און דאָס וואַרעמע, ברודערלעכע ליכט
אין איטלעך האַרץ פאַרזייט.
שמייכלענדיק דרימלט דאָס יינגל איין
אין זיין שוים.
די בריק איז אויפגעהויבן, פאַרשלאָסן.
דאָס טויאיקע פעלד מיט שטערן־שיין פאַרגאָסן.
ביז די נאַכט לעשט זיך אויס.
פרימאָרגן־זון שטראַלט אויף
אויפן טורעמדיקן הויז — — —

ב

יצחק לייבוש פרץ שטייט אין וויסטן מאַרק טרויעריק, אַליין.
זיין קאָפּ זילבערדיק באַשנייט.
נישטאָ קיין גאַסן, קיין פּאַטשענעס, קיין הויפן.
יידן לויפן נישט אין בתי־מדרשים, אין חסידים־שטיבלעך.
נישטאָ וואו צו איילן.
טויט און חורבן אויף מיילן און מיילן.
דער נאַצי האָט מיט מעסער און פלאַם
פאַרטיליקט ביזן וואָרצל־שטאַם.
אַרום דער חורבער, גרויסער יידישער ביבליאָטעק
שאַרכען פאַרבלוטיקטע, צעריסענע בלעטער.
אַלט־שטאָט און ניי־שטאָט
באַדעקט מיט הויפנס ליים און צעקרישלטע ציגל.
און אומעטום יידן־קברים אויף פעלדער, הינטער ביימער,
הינטער בריקן, הינטער פאַרשרפּהטע ווענט.
און שליאַכן פאַרבלוטיקטע, צעשניטענע, ווי מענטשלעכע הענט
שטרעקן זיך קיין קאַמאַרעוו, לאַשטשעוו, טישעוויץ, שעברעשין,
אַזש ביז די קאַלך־אויוונס אין לובלין.

צווישן חורבות, צווישן אַש און פּראָך,
שטייט יצחק לייבוש פּרץ טרויעריק, אַליין,
און וויינט אויפן אימהדיקן בראָך.
דורכגעווייטיקטע, צעריסענע בלעטער ווינטיקן.
די הימלען בלוטיקן.
פֿאַרשטיקטע יידישע ווערטער יאָמערן —

יצחק לייבוש פּרץ שטייט און וויינט.
זיין קאָפּ זילבערדיק באַשנייט.
זיין האַרץ ווערט מיט הייליקן צאָרן אָנגעקליידט:
גערמאַנער, דיין לאַנד זאָל ווערן וויסט און ליער!
רויטאַרמייער, בערלין צעשטער!
נעם נקמה פֿאַרן הייליקן בלוט,
פֿאַר דער ריינער, קינדערישער, יידישער טרער.
זינגט אויף אין אים דאָס ליד
פֿון שיינענדיקן העלדנמוט:
יידן זיינען נישט שוואַך, נישט געבראָכן געוואָרן
אונטער פֿייניקערס טויטנדיקער רוט.
אויפגעשטאַנען זיינען אין דער וואַרשעווער געטאָ
די יוחנן וואַסערטרעגערס, די בערל שניידערס, די מקובלים,
און די צנועהדיקע יידישע טעכטער.
אָ, האַרציקע און ריינע,
ווער איז דען פֿון אייך געווען העלדישער אין שלאַכט?
ווער איז דען פֿון אייך הייליקער, גערעכטער? —

אָ, מיין מאַרטירער־פֿאָלק,
ביסט אויסדערוויילט, גרויס און הייליק,
ביסט גלויביק און אייביק!

נאַכט, ווייסע הימלען שימערן.
ביי דער לבנה פֿרירן די טרערן אין די ווייסלען.
די שטערן זיין שטיל געוויין הערן — — —

# נאָענטע רייד

סאָניען מיט
ליבשאַפט.

## שטילקייט

פאַרנאַכטיקע אומעטיקייט אויף גרינענדיקע לאָנקעס
אויף רויטע פעלדזן פלאַמען די מאַכיקע בערד.
דער טייך פאַרקנוילט אין נעפּלדיקן געהיל.
אַרום די שאָפּעס היימלעך דאָס הינטישע געביל.
ביים שיידוועג־קרייץ
קניט אַ בעטלער,
ער האָרכט אין דער שטילקייט
דעם וואַסער־פּלייץ.
עס פאַרשמעקט דער פּולער, הויכער ווייץ.
די טריט גאָלדיקן אין זאַמד.
אַזאַ שלוה אויף דער וועלט.
אַזאַ לייטערנדיקע שטילקייט אונטער גאָטס געצעלט.

## זומערדיקע אינדערפריען

טונקעלע קילקייט פאַרשמעקט דעם צעגרינטן וואַלד.
מיינע טריט פייכטן אין די ווייסע טויען.
קלאָרע, אויסגעשליפענע הימלען בלויען.
סאַמעטענער מאָך ביים טייכן־ברעג.
עס גאָלדיקן די זאַמדיקע דנאָיען.
אַ מידער הונט דעם וואַסער־פלאַך לעקט.

אָ, געבענטשטע, זינגענדיקע שעהן.
שטראַלנדיקע, זומערדיקע אינדערפריען.
אויף די בערג־רוקנס קניען
געפלעקטע, פעטע קיען.
עראָפּלאַנען אין די הייכן ציען.
פרידן צו די הענט וואָס טוען
אויף דער ערד זיך מיען.

אָ, געבענטשטע, זינגענדיקע שעהן.
שטראַלנדיקע, זומערדיקע אינדערפריען.

## דעמערונג

פרידן, דעמערונג־שעה.
דער הונט דרימלט אויף דער קייט.
אין די בערג אַ ווילדער פויגל שרייט.
באַ אַ פּלויט מעקעט אַ קו.
מיר גייען אין טאָל, דורך גנאָדיקער רו —
אונדזער זון, איך און דו.

אונדזער זונס האַרציקע רייד
אַ לויטערע גוטסקייט פאַרשפּרייט.
די טאָלן פאַרען אין גראָזן־קלייד.
עס פאַרשמעקט די בלומען־בייט.
די לבנה קלעטערט פון באַרג אַפער.
עס בענטשט אייךביידן מיין פאָטערלעכע טרער.

פרידן, דעמערונג־שעה.

## איך בין יונג

נאָענטע,
פון די ווייטע לענדער,
וואָגל־שטויב אויף דיינע טריט,
עס זומערט אין לאַנד פון פריד.
שטעל זיך אָפּ, לאָז זיך צום שטיבל אַראָפּ.

אַרום די וועלט קראַנק און פאַרכטיק.
פון שרעק די טעג טרויעריק, שווער.
און איך בין יונג, מיין ליפּ איז דאָרשטיק.
אין מיינע גלידער ברענט באַגער.

צווישן ביימער צעשען העק.
פרייד אין מיין געמיט.
שטעל זיך לעבן מיר אַוועק.
עס זינגט אין מיר דאָס פאַרליבטע ליד.

נאָענטע, די זון אין מערב טוט זיך נויגן.
איך וועל דיך גאָרנישט פרעגן.
אין דיינע אויגן די לויטערע טרער.
אין דיינע רייד די שטילע טרייסט.
היט אין ליבשאַפט דאָס ציטערדיקע ליכט,
און שטראַל די פרייד אויף מיין געזיכט.

## פרילינג

א טריפנדיק ליכט — דער אייז־צאפן.
טראמווייען, אויטאס און וועגענער קלאפן.
מארצאווע זון ווארעמט קאפענדיקע דעכער.
פלינק האמערט אוים א בלעך דער בלעכער.
דער באוואקסענער קאוואל פיילט א פערדישע קאפעטע.
א יינגעלע בערגלט צונויף דעם שניי מיט א הילצערנע לאפעטע.
א פערד הירזשעט, שפרינגט.
די שטאט פרילינגט.
דער לאמער בעטלער הינקט,
זיין פנים שמייכלט,
מיט דער קוליע אויפן נאקעטן טראטואר
ער קלינגט.

דער בארג פארטוליעט אין שנייאיקע־פארסאזשעטע ליילעכער.
טייכלעך לויטערן אין די אויסגעבריטע לעכער.
מיר איז היימלעך.
מיין טראט פריילעך, זיכער.
פרילינג און פלאקערדיקער קריג!
נאענט־דערנענטער, גיך און גיכער טרייסטנדיקער זיג!
פארטרויערט, פארטרערט דער מאמעס בליק.
ווארעמער שטראל אויפן שניי — א גאלדענע פליג.
א, שאל אויף דעם זיג, זאג אן באנייענדיקע פרייד,
אויפלעבנדיקער פרילינג!

## דיינע רייד

דער טאָג האָט זיך שוין באַהאַלטן
אין די בערג־שפּאַלטן.
דער לעצטער וואָגן היי שלעפּט זיך אויפן וועג.
הינטערן טאַרטאַק רוישט דאָס וואַסער, בליצט די זעג.

פול מיט גליק מיינע רייד פון נעפּלדיקן טונקל.
דריי שטערן ציטערן איבער דיר אין הימל־ווינקל.
דאָס ביסל פרייד וואָס איך האָב אינדערהיים געהאַט,
גרינט אין דיר, אין פרילינג בלאַט.
פון דיר רעדט די היים, דער וואַרשטאַט און דער שאַפּ,
דיין לעבן איז שיין און דערהויבן געוואָרן
אין טורמע, אונטער פּאָליציייאישע קלעפּ.
דיין לעבן איז איידל און ערלעך געוואָרן
אין גערעכטן קאַמף, איבער שטרויכל־טרעפּ.

גרויס איז אין דיר דער טרויער,
נאָך שאַרפער דער האַס.
פאַרפייניקטע טעג וויינען אין דער טורמע־מויער,
גלויביקע קעמפער — קינדער פון דיין קלאַס.

און דו ברענגסט מיר דיין ערלעך האַרץ.
צוויי טרערן — די שטילע פרייד.
דו ברענגסט מיר אַלץ.
פאַר לייד — די לויטערע טרייסט.

## פרילינג

דער פרילינג בליט.
בלויער טייך שטראָמט
נאָך מיינע טריט.

דער פּאַרמער אויפן פעלד,
מיטןברייטן שטרויען הוט.
טיף דער אַקער־שניט.
דער פּאַרמער בענטשט די פערדן־טריט.
גאָטס פרילינגדיקער טאָג יונג און גוט.
דאָס לויבנליד וואַקסט אין מיין געמיט.

## נאָענטע מיינע

נאָענטע מיינע, לאָמיר דאָ אין טאָל בלייבן.
די פרייד פון לעצט־געבליבענע טעג קלייבן.
די רו אין דער הויך — א געצעלט פון פרידן.
אָפן פאַרן בלאָנדזשענדיקן וואָגלער דעם מידן.

דער פלאַקערדיקער מאָרגן וועט אַרויס,
לויכטן וועט דער וואַלד, די גרינע נידער און די טוּיאיקע רויז.
אין שטילן טאָל, העלער טאָג וועט שטיין.
ביים ברעג־טייך דאָס ווייסע שטיבל אַליין.

אין זומער־טעג מורמלען וועלן וועלן.
לבנה־נעכט צויבערן וועלן מעשות בא די שוועלן.
דאָס גליק אין געמיט וועט קוועלן.
לאָמיר דאָ אין טאָל אונדזער שטיבל אויפשטעלן.

נאָענטע מיינע, אַזויפיל שווערע טעג,
געשלעפּט אויף דאָרן־וועג.
איך האָב פון דאָרט געבראַכט,
שרעק און גרויל און נאַכט.

לאָמיר דאָ אין טאָל בלייבן.
די פרייד פון לעצט־געבליבענע טעג קלייבן.

## פרייד

פאַרוויגט אונטער ביימער־רויש,
שלאָפט מיין יינגעלע אין גראָזן־קויש.

שוועבנדיקער, בלויער רויך.
אַן עראָפּלאַן פליט אינדערהויך.

פרידן־שטיל די ערד.
הייסער שטראַל — אַ בלאַנקענדיקע שווערד.

אין וואַלדיקן־טונקל דער הימל קליין און שמאָל.
דאָס וואַסערל בליפּעט אין טאָל.

אַ שעה שווימט אַרויס, אַ שעה שווימט אַוועק.
שטילער אומעט אויף גאָלדענעם וועג.

אַ שעה שווימט אַרויס, פאַרנאַכט שוועבט אַריין.
די זון צאַנקט אויף מאָכיקן שטיין.
די פרייד זינגט אין מיין געביין.

## איך זינג צו אייך ווידער

דער טייך שווענקט די פיס פון דער בריק.
אויף שטילן, הארבסטיקן פעלד מעקעט די ציג.
די ביימער אין פלאַמיקן שווייגן.
די ווייט ציטערט אויף, איך טו מיין פּנים צו מערב נויגן.

זינג איך זיך אַליין,
דאָס ליד פון געפונענעם גליק.
פון דער וויג איז נישט איבערגעשניטן,
דער לאַנגער, קינדערישער שטריק.

דו אויף הארבסטיקן פעלד מיט נאָענטן בליק,
שטילסט איין דעם אומרו, זאָגסט אָן דעם ערשטן זיג:
לאָמיר דעם טאָג נישט שעלטן,
אין אַלע ווייטע וועלטן,
וועלן אונדזערע קעמפער אויפשטעלן,
די פרידלעכסטע געצעלטן —

רויטער, פיבערדיקער הארבסט.
לעצטע שעה בלאַסט.
איך בין נישט קיין מידער,
איך זינג צו אייך ווידער,
די גלויביקע לידער.

# פֿאַרטאָג

פֿון דער סעריע
„סאָנאַטאָריע"

די קראַנקע אין שלאָף פֿאַרזונקען.
אין רויטלעכן שיין די שויבן פֿינקלען.

ראָזע טראָפּנס אויף די שטיינער שפּרינקלען.
פֿון די קוימענס שפּריצן פֿייער־פֿונקען.

די האָזן טוליען זיך אין די שטייגן־ווינקלען.
פֿאַרדרימלטע וואַלדיקע־בערג, פֿאַרסודעטע ווינקען.

דער טייך בליאַסקעט, איך הער דעם ווייטן וואַסער־שלאַג.
אין דער שטילקייט בלאָנדזשעט דער אומעטיקער פֿייף פֿון באַנען־יאָג.
עס טוט זיך אָפּ פֿון מיר טרויער און קלאָג.
אין זיך, מיין שטיל געבעט צום נייעם טאָג
איך זאָג.

## די זון גייט אויס

באַ רודערנדיקע וואַסערן,
דרימלט דאָס געפּאַרבטע שטיבל.
שאָטנדיקע ביימער בלעטערן.
עס פאַרשמעקט דער צעבליטער גאָרטן.
די וויעסלעס צעגראָבן די כוואַליעס,
דאָס שיפל שווימט צום שטילן באָרטן.

די זון גייט אויס.
פּליעסקענדיקער כוואַליע־שטויס.
אָנגעגליטע בלעכן — די שטיינערנע בעקנס.
אַן אַלטער דאַרנדיקער בוים,
מרה־שחורהט מיט די נאַקעטע שטעקנס.
אַ שפּאַרבער צירקלט פון אויבן.
אין טויבנשלאַק באַהאַלטן זיך די טויבן.

אָ, געבענטשטע רו, וואונדערלעך לעבן,
איך וויל אין דער געבענטשטער רו אַריינשוועבן.

## ייִנגל מײַנער

ייִנגל מײַנער, דער ערשטער שטראַל גאָלדיקט בײַ דײַן צוקאָפּנס.
פֿון די באַהויכטע שויבן טריפֿן זילבערנע טראָפּנס.
דער צויבערדיקער חלום אין קינדערישן דרימל,
אויפֿן בלויען שליאַך, אין אויפֿגעשטראַלטן הימל.
איך וויל דיר ייִנגל מײַנס,
דאָס ליכט פֿון טאָג ברענגען,
אויף אַלע וועגן זאָל די שלוה הענגען.
מײַן האַרץ איז פֿול מיט ליבשאַפֿט און מיט שרעק,
האָסט מורא אַליין צוגיין אויפֿן ערשטן וועג.
יעדן טאָג, איך טו ציטערדיק תּפֿילה טאָן פֿאַר דיר :
זײַ אַ ייִנגל בראַוו און קרעפֿטיק,
דײַנע טעג זאָלן, ווי פֿרילינג־פּרימאַרגנס בליען.
דײַנע יאָרן זאַפֿטיקע, ווי זומערדיקע אינדערפֿריען.
דײַן האַרץ זאָל זײַן וואַרהאַפֿטיק,
און דײַן לעבן פֿרידלעך, האַפֿטיק,

ייִנגל מײַנער, איך שעפּטשע איצנד
מײַן בענטשונג בײַ דײַן צוקאָפּנס.
פֿון די שויבן טרערן זילבערנע טראָפּנס.

## באַשאַפֿנדיקער זאָג

אויף די בערג שפּיצן
ווייסע וואָלן — די ריינע שנייען.
פֿינקלדיקע וואַסער־שטראָמען
אויף די האָרביקע שטיין־רוקנס.
שפּיגלדיקע טייך־בעקנס אין די טאָלן.
אַ הירש וויגט די צווייגן־קרוין,
האָרכט אין דער שווייגעניש זיך איין,
אין פֿאַרכטיקן־שטוין בלייבט ער שטיין
איין־אַליין.
ציטערדיקע וואַסער־טריט
שווענקען זיינע שלאַנקע פֿיס.
דער ריח פֿון ביימער איינשלעפֿערנדיק, זיס.
שלוהדיקער זומער־טאָג לויכט אויף בלעטערדיקן בוים.
אין בלענדנדיקן רוים שעפּטשעט
בראשיתדיקער, באַשאַפֿנדיקער זאָג:
כי טוב!
מענטש דערשפּיר די פֿרייד פֿון דער אייביקייט!
דער באַגראָזטער טאָל ווינטלט.
אויף דער געבערגיקער הייך די גרינענדיקע פֿרייד
די שטילע פֿליגל פֿאַרשפּרייט,
לויטערע בענטשונג אין מיין האַרץ פֿאַרזייט.

## שווערע וואָגן

איך טו די שווערע וואָגן
אויף מיין וועג טראָגן.
עס איז די טרער וואָס רינט.
די פרייד און דעם טרויער,
עמעצער אין נאָענטער פאַרבאָרגעניש
פאַר אונדז אַלעמען שפּינט.
עס איז די פרייד,
און עס איז דער טרויער,
מיר און דיר און דער גאַנצער ערד
אויף אייביק באַשערט.

דער רעגן־גאָס קילט די אָנגעהייצטע שטיין־שטאָט.
דער רעגן־פליִיץ טרינקט אָן דאָס דאָרשטיקע פעלד,
און בענטשט די האַנט וואָס אין טרערן זייט,
די האַנט וואָס נערט מיט בלוט־זאַפט פון די פינגער
די אויפבליִענדיקע בייט, די גליִענדיקע פעלדער
אויף דער זומערדיקער, זינגענדיקער ערד.
רעגנדיקע בענטשונג אַצינד
אויף לאָנקע, אויף גראָזן־שרינט.
פרייד אין מיין האַרץ פאַרזייט.
מיין האַרץ אַן אויפבליִענדיקע בייט.
די גרויסע ליבשאַפט,
דער לייטערנדיקער טרויער פאַרשפּרייט.

## הער

דער הימל — א בלויער בעקן.
מיניענדיקע שטערן אין וואסער־טיפן.
די ליכטיקע בענקשאפטן אין פארהוילעניש אנטפלעקן.
אין פרומען טרויער שטילע ווערטער טריפן.
שטרעק אויס די האנט, קענסט דעם הימל גרייכן,
הער דאס שעפטשען פון באשטערנטע טייכן.

# עס איז גוט

עס איז גוט אין זומער אויף הויכער לאַנקע שטיין:
דינער רעגן דורך בלעטער־בוים זיפּט.
דאָס דערפל קליין.
דער הימל ווייס־גרויער ביין.
אין מיין געמיט די ווערטער זינגען אליין.

עס איז גוט אין זומער אויף באַוועלדערטן באַרג שטיין:
מיניענדיקער שטערן־שליאַך.
דער חלום וואַכט איבער דאָרפישן, פרידלעכן דאַך.
דאָס בלויע ליכט שימערט פון דער הויך.
דער טייך דרימלט אין נעפּל־רויך.

עס איז גוט אין זומער אין טויאיקן טאָל שטיין:
צוויבערדיקער מאָרגנשטערן זינגט:
עס צינדט זיך אָן די וואַסער־וואַנט.
גאַפנדיקע פעלדזן־שטיינער קניען.
די עפּלביימער בליען.
דאָס ווייסע דערפל דרימלט.
שטילער ווינט מורמלט.
איך בין אין וואונדערלעכן, צוגעזאָגטן לאַנד.
עס רוט אויף אַלץ גאָטס בענטשנדיקע האַנט.
דאָס געמיט קוועלט.
פרידן־וועלט העלט —

## פּאַרגעס

ווייט געשריי פון מידע גאַסן.
די ביימער הוידען זיך.
לעצטע שנייען אויפן באַרג בלאַסן.
שווינדלדיקער שאָטן־לויף.
די נאַכט פון פינצטערער הייל קלעטערט צו מיר אַרויף.

לאַנג, געגאַרטער פרילינג קומט צוריק אומגעריכט.
די שטאָט אַ בלענדנדיקער טייך.
די ערד נאָכגיביק, ווייך.
דאָס לייב פול מיט באַגער.
אויף דיינע אויגן ציטערט די טרער.
די ליבע קושט די גאַרנדיקע הענט,
די פרייד מורמלט אויף שאָטן־ווענט.
עס שמעקט דער פרילינג אין וואַלד.
פינטלדיקער שטערן, צויבערדיקן סוד באַהאַלט.
אין זיסן פּיין איך הער,
דאָס ציטערדיק געוויין פון דיינע יונגע יאָר:

דיין טאַטע לויפט צווישן רויכנדיקע גריבער.
ער לויפט, הויבט זיך אויף, פאַלט ווידער.

באַגנעטן בלוטיקן.
גופים — וויטיקדיקע קנוילן.
פייער בויערט דאָס לייב:
אָ, מיין קינד, שמע ישראל!
אין גאָט, איך גלויב!
ער נעמט די ערד אַרום,
בלייבט אַזוי פרום
ליגן שטום — — —

איך בין דיין טאַטע,
ווי ער קעם איך דיינע האָר,
בײַ דער חורבה־וואַנט, אין הינטער־גאַס.
און די פּליסנדיקע טרערן
מאַכן דיין קאָפּ און פּנים נאַס.

איך בין דיין טאַטע,
פאַרגעס אין ווייטיק, אין וואונד.
זיס דער שלאָף אין ווינקל־וואַנט.
איך דעק דיך צו, איך גלייך אויס דיין האַנט.
שפּאַן מיט יונגן גוף צום ווייטן לאַנד — — — —

עס שמעקט דער פרילינג אין וואַלד.
פינטלדיקער שטערן, צוויבערדיקן סוד באַהאַלט.

## ל י ד

ליד, איך וועל דיך דינען.
מירביידע וועלן די אויסגעבענקטע רו געפינען.
אין פיבערדיקן אומרו, אין גליאיקן שטרייט,
דער נייער, שפּראָצנדיקער טאָג שיינט.
אין ווייטיקדיקן טרויער,
וואַסער־הענט קלאַפּן אויף דער מויער.
וואַכסט איבער מיר, היטסט די געבליבענע פרייד.
דאָס פרילינגדיקע דאָרף טויאיקט,
ווייך און קיל דאָס גראָזן־קלייד.

ליד, צינדסט אַלע מיינע טרויערן,
די נאַכטישע שרעקן באַ מיינע טירן.
פאַרבלוטיקטע גריבער אין פאַרשרפהטן פעלד,
קלאָגנדיקע שוועסטער באַ לידיקן געצעלט.

זיג געהייליקט אין גלויביקן שטרייט.
זאָג אָן דער ערשטער די פרידן־פרייד.

ליד, מיר וועלן נישט שטרויכלען.
מיר וועלן דערקלעטערן צו די ליכטיקע הויכן.
מיר וועלן אַריבערשפּאַנען צעוואַלגערטע בריקן.
פאַרהאָרעוועטע, קעמפנדיקע הענט מיר וועלן
ברודערלעך, נאָענט דריקן.

ליד, איך וועל דיך דינען,
מיר ביידע וועלן די אויסגעבענקטע וועלט געפינען — — — —

## אַ תּפילה

מיין הויז מנוחהדיק, באַשיידן.
אונטער מיין שטילן באַלקן
צער און ליידן זאָלן מיידן.
פּראָסט, היימיש מיין קלייד.
צאַרט, לייטערנדיק וואָרט
פון מיין מויל קוועל.
טרייסטנדיקע פרייד
באַטרעט מיין היימישע שוועל.
זאָל מיר זיין באַשערט
דו מיין נאָענטסטע זאָלסט דאָס קינד געבערן.
זאָל זיך ישראל שטאַרקן, מערן.
נאָכדעם, ווי דער רשע היטלער
האָט געטאָן אונדז מינערן, צעשטערן.
זאָל אויפגיין דאָס גליק,
ריינע קינדערישע פרייד
אין דער וואַרעמער וויג.
און — דיין מאַמעדיקער בליק
וועט פול זיין מיט לויטער גליק.

## איך בין אַ תושב

איך בין א תושב
אין די אַלטע, אָרעמע גאַסן.
איך האָב געלערנט זיך דאָ ליבן,
איך האָב געלערנט זיך דאָ האַסן.
מיין צער האָט זיך אין מיר געגאָסן.
געשריגן האָבן אין מיר אַלע פאַרדראָסן.
איך האָב געזען דאָ פאַרליבטע פּאָרלעך זיך קושן.
ראָזע פאַרנאַכטן איבער זיי זיך לעשן.
אין גליענדיקע פרימאָרגנס טרערן זייערע געזיכטער וואַשן.
טראַמווייען, אויטאָס קוויטשען, רעשן.
מאַמעס באַגלייטן זייערע זין אין סאָלדאַטן און העשען — — — —

איך בין א תושב
אין די אַלטע, אָרעמע גאַסן.
פוילנדיקע, זינקענדיקע כאַטעס
אין הויף דעם בלאָטיק־נאַסן.
ווינטער די שויבן פאַרקאָוועט מיט אייז־לאַטעס,
דאָס טאָגליכט אויף פאַרגרינטע, פאַרשימלטע ווענט פאַרבלאַסט.
זומער, ווילדע־מאָכן שפּראָצן פון אַלע ווינקלען.
עס דעמפּן די ערדענע, קאַלטע דילן,
אַלצדינג אין טונקלקייט פאַרהילן.
קינדער מיט געבוויגענע פיס,
פּנימער קויט און ריס,
פון הונגער דאָס לייב בים אויף בים.

און די זין פון די אָרעמע גאַסן,
פון פאַבריקן און תהומיקע שאַכטן,
קעמפן, שטאַרבן אויף אַלע שלאַכטן.
און פאַבריקאַנטן — כלערליי קאָליריקע בורזשויען
שאַרן גאָלד פון דעם בלוט,
פולפעסלדיק ווערן זייערע בייכער.

אויף באנקעטן, פאר א טרויער־זכר
זיי רעדן פון העלדישקייט,
פון מענטשן־לייד,
אָט די דאָזיקע זאַטע, גיריקע לייט.
אָ, נישט צוליב דעם גיסן זייער בלוט
די זין פון די אָרעמע גאַסן:
אַז אין זומער זאָלן אין דושנעקייט פארען זייערע הויפן.
טאַטעס, מאַמעס, ברידער, שוועסטער און כלות
זאָלען טריקענען אין האָרבנדיקע שטיבער.
זיי גאָרן דאָס לעבן זאָל זיין
ליכטיקער, צערטלעכער, ליבער.
זיי שטאַרבן אַז אין זייערע הויפן
זאָל מערנישט ברענען דער הונגער,
דער טויטנדיקער פיבער.

אָ, איר גאָלד און בלוט־שאַרער,
פאָרער אין אייזערנע וואָגנס
איבער מענטשלעכע לייבער.
ווייסט, אַז אין די אָרעמע גאַסן
לערנט מען זיך ליבן, לערנט מען זיך האַסן,
עס שרייען צאָרנדיק אַלע פארדראָסן;
דער צער אין הערצער טוט זיך גיסן.
מיר לאָזן אייך פון אונדזער עלנט וויסן:
מיר קענען מיט אונדזער צאָרן
הימל און ערד צעמישן,
פון דער ערד אייך אָפּווישן! — — — —

## דער עולם וואַרט

(אויפֿן טויט פֿון דר. חיים זשיטלאָווסקי)

די לאָמפּן ברענען פֿריילעך, בליציק.
דער עולם האַרט,
נאָך דיין צויבערדיק וואָרט גאַרט.
דיין קלוגער, וואַרעמער בליק אין אָרון שטאַרט.
ביסט שטיל, פֿאַרבלאַסט און ווי אַ קינד צאַרט.

דער עולם וואַרט.
די לאָמפּן טונקלען
אין די ווייסע ווינקלען.
טרערן אין די אויגן פֿינקלען.
אין דרויסן בלעטערט דער ווינט.
שטילער צער אין הערצער שפּינט.
דער לערער איז נישט טויט,
ער איז זיך פֿאַרזעסן
מיט גוטע ברידער ביים אָוונט־ברויט.
די ווערטער פֿון זיין מויל טריפֿן,
די ווערטער צו פֿאַרטראַכטן רופֿן.
ער וועט באַלד אויף דער טריבונע דערשיינען,
פֿון גליק וועלן אַלע האַרציק וויינען.

עס איז דער רבי טויט.
ער ליגט אין אָרון.
דער הימל קאַלט, פֿאַרבלויט.
די טרייסטנדיקע ווערטער
שטומען אין זיין מויל.
דער זאַל פֿול מיט שווער געוויין.
די לאָמפּן טונקלען,
די ווייסע ווינקלען פֿאַרעלנט, הויל.

רבי דר. חיים זשיטלאָווסקי:
איך דריי אַרוים די אָנגעצונדענע לאָמפּן.
דער עולם וואַרט.
דער עולם גאַפט.
פון דיינע רייד קוואַלט די חכמה,
פריש מיט וואונדערלעכן האַפט.
דערשיין פאַר אונדז ווידער,
מיר בענקען נאָך דיר ווי קליינע קינדער,
ווי פאַראומערטע ברידער.
לערן אונדז פון דער וועלט
דעם נייעם, יושרדיקן סדר.
דו ווייסט דיין פאָלק איז נישט אויסגעלייזט.
פיל־פאָלק פאַלשע פירער האָבן פאַרגרייזט.
שטיל, דר. חיים זשיטלאָווסקי מישט
די פאַרקנייטשטע בלעטער,
ווי אין אַן אַלטן, היימישן סדור.
ער רעדט פאָטערלעך צו אונדז
זיינע יידישע קינדער, זיינע פאַראומערטע ברידער.
די לאָמפּן ברענען פריילעך, בליציק.
דער עולם גאַרט,
פון זיין צויבערדיק וואָרט פאַרגאַפט — — —

## זינגער

זינגער, לאָז זיך אויף וואָגל־טריט.
אין די אָרעמע גאַסן,
צווישן ליאַרעמדיקע קינדער,
זינג דיין ליד.

אָ, די אָרעמע גאַסן!
אין אַלע קאַמפן זייער בלוט פאַרגאָסן.
מאָנענדיק, גערעכט זייער האַסן.
דאָ די ערלעכסטע טרערן פליסן,
זינגער, ציטערן זאָל דיין לירע
די טרייסטנדיקע שירה.

זינגער, שטעל זיך אין מאַרק אינדערמיט.
האַרבסט, אַ מחנה פייגל די הויכע, בלויע שטילקייט ווירט.
דער טרויער איז אויסגעשפרייט.
זינג דאָס ליד פון לייטערונג און טרייסט.

## ביסט נישט אָפּגעשיידט פון אונדז א. ראַבאַי

.1

מיטן טאָג גלייך,
ער גייט ארויס אין פעלד.
עס אָטעמט אויף אים די פרימאָרגן־קעלט.
צו דער כוואַליענדיקער, שלוהדיקער פרעירי
זינגט זיין האַרץ די בענטשנדיקע שירה.

טיף און לויטער דער וואַסער־דנאָ.
ווייך און מילד דער טראָט פון ראַבאַי.
פון דער ערד א ווייסע פאַרע גייט אויף.
שורות סנאָפּעס וואַרעמען זיך מיטן פנים ארויף.
ראַבאַי קלייבט דאָס מיניענדיקע ליכט צונויף.

נאָכגיביק איז צו אים יעדע אויפגעגאַנגענע בייט.
יעדעס שעפּטשענדיק גרעזל אים באַגערט.
עס איז אים נישט געווען באַשערט
צו זיין באַזעסן אויף דער פרעירי־ערד.
ער האָט זיך מיטן גראָזן־לאַנד געשיידט,
דאָס וואונדערלעכע ליכט ארום אים האָט זיך פאַרשפּרייט.
אין ניו־יאָרקער גערודער,
אין ליאַרעמדיקן שאַפּ,
געפינט ער זיינע נייע ארבעטער־ברידער.
אין יעדן שטרייט
וואַקסט זיין תמימותדיקע פרייד.
חמימהדיקער תמוז־טאָג,
ווייכע פעלן אויפן טיש אויסגעלייגט.
ווי צויבערדיק אזא טאָג אין דער פרעירי פאַרגייט.
ראַבאַי, קינדיש, פאַרבענקט צום פאַרביקן מערב זיך פאַרנייגט.

אזוי איז ער געווען און פֿאַרבליבן.
די שטילע ליבשאַפֿט אין זיין האַרץ אַריינגעקליבן.
זינט דעם פֿאָטערלעכן שלום־עליכם
האָט נאָך אַזוי שטיל, האַרציק
די ערלעכע ליבע נישט אויפגעלאַכט,
ווי ביי מאַנעסן און שבען
אין: „איז געקומען אַ ייד קיין אַמעריקע".
מיטן טרייסטנדיקן געלעכטער
דאָס רויע, פֿאַראייזנטע ניו־יאָרק
שמעלצט ער, ברעכט ער — — —

2.

ראַבאָי ביסט געווען אין אונדזער לעבן
ווי זון, ווי קילנדיקער ווינט.
ביסט פֿאַרבליבן אויף אייביק
דאָס פֿאַרגלויבטע, בענקענדיקע קינד.

איצטער אין ווינטערדיקן דרויסן,
פֿאַרשנייעטער בוים פֿינגערדיק, פֿאַרשפּיצט
שטראַלט אין זוניקן רוים.
מיין האַרץ גיסט זיך אָן מיט צער.
טראָפּנס־געוויין אויף מיין געזיכט —
פֿינקלדיקער, בריענדיקער זשאַר.
אָט־דאָ הינטערן באַרג
האָבן דיינע הענט
דעם שנייאיקן־שוים געשאַרט.
אויף דיין פּנים האָט געשמייכלט
די פֿרייד קינדיש, צאַרט.
ביסט מערנישטאָ.
ביסט אָפּגעשיידט, איינגערוט און שטום.
ביסט פֿאַרגלויבט, פֿאַרגאַפֿט און פֿרום.
איך זוך דיך אומעטום,
און ווידער גייען מיר דאָ אַרום.

באַלד וועלן די שנייען צעגיין.
דער פרילינג וועט אויפבליען.
זינג־פייגל אונטער לויטערע הימלען וועלן ציען.
די פרעירי, דער אויפגעטייעטער גאָרטן
וועלן אויף דיר וואַרטן.

דער פרילינג אויסגעשפּרייט.
אייביק גייט אויף אונטער דיין האַנט די בייט — — —

א. ראַבאַי ביסט געווען אין אונדזער לעבן,
ווי זון און ווי ווינט.
אין אונדזער שטרייט
דאָס פאַרגלויבטע, בענקענדיקע קינד.
גייסט ווידער מיט מיר
הינטער באַרג דאָ אַרום.
ביסט פון אונדז נישט ווייט,
נישט אָפּגעשיידט — — —

## אומעטיק

א. ראַבאַי איז טויט.
דער הימל שלוהדיק בלויט.
די ווייטע, אָפענע דרויסנס גרעזלען.
שטילע, קלאָרע טייכלעך בלעזלען.
וויס, דער קילער הויך פון פרילינג־פרימאָרגן.
דאָס טיפסטע געזאַנג בלעטערט דער וואַלד.
ווי דער מאָכיקער שטייניקער־שפּאַלט
דאָס טונקעלע, גילדערנע ליכט באַהאַלט —
די אויפגעשוימטע פרייד טראָגסטו אין זיך פאַרבאָרגן.

א. ראַבאַי איז טויט.
די גאַפנדיקע בליקן שטאַרן
אין קבר, אין הילצערנעם אָרון.
דער פויגל מיט אַראָפּגעלאָזטע פליגל פלאַטערט
איבער דיין אויפגעבערגלטן צוקאָפּנס.

אויפגעריגלטע, וואַרטנדיקע שטייען שאָפעס.
עס בענקען נאָך דיר די פריילעכע, זינגענדיקע קאַובאָיס,
די געזונטע, האַרציקע כלאָפּעס.
דאָס געפּלעקטע פערד קייעט אומעטיק־פאַרקלערט.
און מיין פנים שאָטנדיק, פאַרטרערט.

פרימאָרגן, די לאָנקעס טויען.
דינער, אויסגעטראָטענער סליאַד פון פערדישע טלאָיען.
ווער וועט די בליענדיקע פעלדער באַזינגען ?
זען די סאַמעטענע, העלע שאָטנס שפּרינגען.
ווער וועט די הויכע לאָנקעס שילדערן ?
די וועלט מיט קינדערישער פרייד מילדערן . . .

אומעטיק דער גרינענדיקער פרילינג
אָן דעם ציטערדיקן, זינגענדיקן ראַבאָיען.

## וועו.

ווען דער לידער־קוואַל
וועט אויסטריקענען.
וועל איך טאָן צו דער צעפּלאַצטער,
דאָרשטיקער ערד א פֿאַל.
בליצנדיקע וואָלקנס וועלן ברומען.
די צעבוואַליעטע טייכן וועלן ברילן.
ביז — די ערד וועט אין שלאָגנדיקע רעגנס זיך קילן.
פֿאַרנאַכט וועט אָנשוועבן.
מידע פּויערים וועלן זיך פֿאַרצייטיקע מעשות דערציילן
הינטער די פֿאָכענדיקע פֿליגלען פֿון ווינטמילן.
דאָס האַרץ פֿון דער ערד — אַן אָנגעטרונקענער קוואַל.
מיין ליד אין לייטערונג — שטיל, בענטשנדיק געזאַנג.

## איך שטייג.

ווינטלדיק דאָס הויכע קאָרנפעלד.
פרידן־רו איז אויפגעהעלט.
איבערן בארג, א בלויע, וואָלקנדיקע האַנט
קילט דעם צעצונדענעם ראַנד.

איך שטייג בארג ארויף.
א העזל גאַפט אין פלאַטערדיקן לויף.
דאָס טייכל שפיגלט אויף גאָלדענעם זאמד.
עס שפּאַנט מיר אקעגן דאָס פארהוילענע, אויסגעבענקטע לאַנד.
אויסגייענדיקער טאָג גאָלדיקט אויף בארג־וואַנט.

איך שטייג בארג־ארויף.
די תפילה קוועלט אין מיין געמיט.
דאָס ליבנליד מיין מויל בריט.
איבערן פארדרימלטן דערפל שטראַליק־רויט
דער זוניקער־ראָד.
אויף מיר רוט שטילע פרייד, פרידן־גענאָד.

## איך גיי אַראָפּ.

איך גיי אַראָפּ אויף אַ ווייל.
די שיף רייסט זיך אָפּ פון באָרטן,
שניידט דיווירבלענדיקע כוואַליעס מייל אויף מייל.
איך ווייס אומזיסט איז דאָס וואַרטן
אין פאַרגלאָזטן, ווינטיקן האַפן.
די שטאָט בלענדט — אַ לויכטנדיקער פייער־באַרג.
פאַרקאָוועט יעדע שוועל.
שטום דאָס בעטנדיקע וואָרט אין מיין קעל.
האַמערדיקע וואַסער־בערג קלאַפּן אין באָרטן.
אויפן שטיינערנעם פּאַרקן קלינגען די שטעכיקע דראָטן.
איך קום אָן אין באַנהויף.
די אָנקומענדיקע באַן סאָפּעט אין איילִיקן לויף.
איך לייען דעם לעצטן בריוו פון טאַטן.
די געפּינטלטע, פאַרטרערטע ווערטער מיט טרערן פאַרזאַטן:
בני אהובי,
איך בין אַלט, מיינע אויגן טונקלען.
די פרייד האָט אויפגעהערט אין האַרצן פינקלען.
איך בין עלנט, אַליין, ווי אין אַ בלאָנדזשענדיקן וואַלד.
מיינע הענט קענען נישט מעסטן פון אייגענעם צער די ענד.
ביסט נע ונד, אין מרחקים.
אַ ייד אין בבלדיקע כרכים,
צווישן אַזוי פיל עכום.
ווייס, נפשי קשורה בנפשך —
אַ פאָטערלעכע ליבשאַפט נישט איבערצוהאַקן.
איך קאָן מערנישט טראָגן די עלנט אויף מיין נאַקן.
פילסט געוויס און פאַרשטייסט מיינע רייד.
אין דיר אַליין זון, ליגט דער טרייסטנדיקער באַשייד.
בכל יום ויום איך טו צום אויבערשטן בעטן:
מיין וואָגלדיק קינד באַשיץ.
ממני אביך אוהבך אברהם שו"ב מק"ק טישעוויץ.

שטיל, לײדיק דער באַנהױף.
נענטער יאָגט די באַן אין אײליקן לױף.
אָנגעפּראָפּטע װאַגאָנעס מיט פאַרטרױערטע עמיגראַנטן.
הײמישע, פרעגנדיקע אױגן װאַכן.
די ברומענדיקע װאַסערן קײכן.
אַלע װילן דעם חושך דורכבױערן
װיסטע, שטײן־בערג לױערן.
אַ שכן רױמט מיר אײן :
נישט קײן גאָלד איך קום דאָ זוכן.
איך װאַלגער אַראָפּ פון זיך אַלע דריקנדיקע בראָכן.
זײַנע פאַרטרערטע באַקן בלײכן.
אין דער דרױסנדיקער שטאָק־פינצטערניש
אײנזאַמע שטערן שלײכן — — —

## ליבער

מיר איז ליבער
וואַלגערן זיך אין תפיסה־גריבער,
טראָגן די דערנער־קרוין,
געטריבן ווערן אונטער פלאַקערדיקער זון
אויף ברענענדיקן פלוין,
איידער שווייגן אויפן אומרעכט,
פאַרנעמען דאָס פאַלשע לויב
פון די גיריקע נוגשים.
מיר איז ליבער
באַפייכטן מיינע דורשטנדיקע ליפּן
מיטן טוי־שטויב אויף זאַמדן־וועג,
איידער שפּאַנען אין ליכטיקע, אָפענע טעג,
און בוקן זיך צום אַכזריותדיקן שאַלטער,
און שווייגן, ווען עס פאַרשניידט
די בליציקע זעג פון געוועלטער
די טרייע, גלויביקע קינדער פון מיין שטאַם

ברידער מיינע,
אַזוי איז מיר ליבער,
ליבער.

## דאָס פּרידן־ליד

אויף די שויבן זילבערט אַ בוים.
זילבערנע צווייגן טוליען נישט קיין נעסטן.
עס זומערט נישט, עס זינגט נישט דער טאָג.
אין וואַלדיקן־טונקל טרויערן שנייאיקע וויסטן.

מאַמע זינג נישט דאָס ליד פֿון היינט, פֿון אַמאָל.
עס גלאַנצט די שאַרף פֿון שווערדן־שטאָל.
יאָמער־געשריי ווערט גרויס, ווערט גרעסער,
די לבנה — אַ בלוטנדיקער מעסער.

זינג מאַמע דאָס פּרידן־ליד
דער טרוים אין בענקשאַפֿט בליט.
דעם זינגערס האַרץ איז נישט מיד.
יונג, גאַרנדיק זיינע אויסגעפּרוּאוּוטע טריט.

מאַמע שטריק דעם זאָק.
זינג דאָס ליד פֿון האַמער און זעג.
אויף זאַמדיקן וועג פּרימאָרגן־זון גליט.
דעם זאַמדיקן וועג די פֿרייד היט.
עס בלעזלט דער קוואַל.
אין די בערג בלאָנדזשעט ערשטער שאַל.
דער ווינט שויבערט אין טאָל.
עס גלאַנצט די שאַרף פֿון קאָסע־שטאָל.

אויף די שויבן זילבערט אַ בוים.
זילבערנע צווייגן טוליען נישט קיין נעסטן.
עס זומערט נישט, עס זינגט נישט דער טאָג.
אין וואַלדיקן־טונקל טרויערן שנייאיקע וויסטן.

מאַמע, ליבטיק געזאַנג אויף טרויעריקן גאַנג.
אין זינגערס געמיט זינגט דאָס פּרידן־ליד.

## ל ב נ ה ־ ל י כ ט

טרויעריק לבנה־ליכט
בלויט אויפֿן וואַסער־געזיכט.

טויענדיקע אינדזלען שווימען
אין זילבער־שיין.

שטערן־אויגן דרימלען
אויף סאַמעט־מאָכיקע שטיינער.
שטיל, פאַרקלערט ציט דאָס זעגל־שיפֿל
אויפֿן לויכטנדיקן שטראָמל,
צווישן בלעטערדיקע ביימער.
דער טרויער ווערט לויטערער,
לבנהדיקער, ריינער.

# געווען

י. און סילאַ גערשמאַן
חבריש.

די פענצטער זיינען אָפן.
די פאַרקלערטע הויפן גאַפן.
משהלעס קול צאַרט, פאַרבענקט:
די ליבשאַפט גאַרט אין שיר־השירים —
דאָס געזאַנג איבער אַלע געזאַנגען.
מירעלע דעם קאָוואַלס האָט זיין האַרץ געפאַנגען.
דער ערב שבת — אַ שטילע, ווייסע טויב ברומט
אַ דינער, גילדערנער שטויב
גליט אויף דער מויערן־שויב.
אַ פאַרבלאָנדזשעטע בין זומט.
דאָס שטעטל ריין, מנוחהדיק פרומט.

מירעלע דעם קאָוואַלס זינגט אין גאָרטן.
דאָס אָרעמע מיידל פאַרמאָגט די אמתע ליבע.
די ליבע אַליין איז די הייליקע חופה.
די ליבע־ליידן דאָס האַרץ טוט בראָטן.

משהלע שטעקט דעם קאָפּ אַרויס.
ער דערזעט די מומע ברײנע אין ירושה־הויז.
מיטן געבלימלטן שאַלעכל זי לויפט צום פענצטער צו:
שרה קרוין, ער קוקט שוין ווידער צו דער מויד אהינצו צו.

די מאַמע ווישט אויס אַ טרער:
מיר פאַסט פאַר אַ שווער שמחה־בער.
זיין מירעלע אַ כשרע, יידישע טאָכטער.
מומע ברײנע, באַרעד נישט מיין קינד מער!
ער איז אַ יתום און איך אַן אלמנה.
ער איז ערלעך און קוקט מיט ריינער כונה.
עס האָט דער פאָטער יעקב אויך ליב געהאַט די מוטער רחל.
איך ניי שוין פאַר די קינדער אַ חתונה־ציכל.

די פרומע, קאַרגע גבירהטע מומע ברײַנע לויפט צוריק.
עס מעקעט איר אַקעגן די אויסגעמעלקטע ציג.
משהלע שמײכלט צו דער מאַמען שעמעוודיק־פאַרליבט.
אַקעגן פענצטער זופּט די טײ שמחה־בער אויפגעלײגט, באַרוט.
פון נחת ציטערט אים די אויבערשטע ליפּ.
די מומע ברײַנע יאָגט האַסטיק צו זיך אין שטוב.

מירעלע װינקט צו משהלען פאַרױטלט, געהײם.
זי דליבעט פון דער װאַנט דאָס װײַסלײם.
זי װעט שטײן באַנאַכט דאָרטן,
הינטער קרומען בוים, אין עק גאָרטן —

די פענצטער זײַנען אָפן.
פאַרױטלטע הײַזער גאַפן.
דער טאָג פאַרגײט,
באַלד װעט לבנה־נאַכט מיט לויטער שײַן
זײ אַקעגנלױפן.
בליענדיקע גערטנער — די פאַרקלערטע הױפן.
משהלעס קול צאַרט, פאַרבענקט.
די ליבשאַפט גאַרט אין שיר־השירים —
דאָס געזאַנג איבער אַלע געזאַנגען.
מירעלע דעם קאָװאַלס האָט זײַן האַרץ געפאַנגען.

## ווייסער וואַונדער

איך גיי אין אײנזאַמער ווילדערניש באַזונדער.
אַרום לויכט ווייסער וואונדער.
דער נאָדל־בוים גרינט אין זילבערדיקן שניי.
מיט ווילדן געשריי אַ רויב־פויגל רוישט פאַרביי.
בלענדנדיקע שטראַלן זעגן די דינע, ברענענדיקע לופט.
עס שכורט דער שאַרפער, פראָסטיקער דופט.
דער וואַלד קניט ביז די צווייגן אין שניי.
אַרום לויכט ווייסער וואונדער.
אין אײנזאַמן ווילדן באַזונדער
איך גיי —

## דער טאַטע

דעם טאַטנס טראָט נישט גדלותדיק,
נישט אין דער ברייט.
פּשוטע, פּאַטערלעכע זיינע רייד.

די תורה זיין שטורעמדיקער ים.
אַליין פון אָרעמען, געליטענעם שטאַם.

פרייטיק פּאַרנאַכט, אויפן טייך פלאַקערט די שקיעה.
גאָט, ווי וואונדערלעך דיין בריאה.
איך וויל גיין אין דיינע וועגן,
איך וויל זוכה־זיין משיחן צו גיין אַקעגן.

עס גאַלדיקט דער האַנטפּאַס.
אויף דער לאָנקע שטראָמט דער וואַסער־פּאַס.
דער טאַטע זינגט דעם שבת אַקעגן,
פרייד־ציטער אין אַלע גלידער.
ריין די נשמה יתרה
קומט ווידער צו גיין —

## דזשעק לאָנדאָן ווײַנט

פֿאַרגלאָזטע, צפֿונדיקע נעכט.
די הונגעריקע וועלף שלינגען
געפֿרוירענע, שטיקעלעך לבֿנה־ליכט.
אין שטיבל לעקט דער וואָלף־הונט
די פֿאַראײַזיקטע הויט אויפֿן פֿענצטערל.
אין אַ שטיין־גריבל
זשאַרען זיך די קוילן.
די הונגעריקע וועלף אימהדיק הײלן.
דאָס טריפֿנדיקע חלבֿ־ליכטל שאָטנט.
דער פֿלאַמיקער דזשעק לאָנדאָן
האָרכט זיך אײַן צום נאַכטיקן־געשריי.
אין אײנזאַמקייט בריט דער שטומער ווײ.
אין פֿײַנלעכן וואָגל צו לעבן איז אים באַשערט.
עס יאָמערט אין אים דער צער פֿון דעם מענטש
און פֿון דער חיה אויף דער פֿאַרלוירענער ערד.
עס שטורעמט דער שנײיאיקער־ווינט.
עס ברומט דער האָריקער וואָלף־הונט.
בענקעניש, צאָרן און גאַרנדיקע פּײַן
ברענט צווישן זײַנע שאַרפֿע צײן.
ווייסער, פֿלאַמיקער באַגער
פֿלאַקערט אין דער ווייסער ווײסטקייט אַצינד.

אין דזשעק לאָנדאָנס גלידער
שרפּהט אויפּציטערנדיק געזאַנג.
זיינע הענט — שניידנדיקע רודערס.
די ווערטער צינדן דאָס ווייסע פּאַפּיר.
שטוינענדיק די יאָמערנדיקע ווילדערניש,
צויבערדיק די כוואַליענדיקע שיין.
דזשעק לאָנדאָן אויפן ערדענעם דיל
פאַלט אין העשענדיק געוויין.
אַ קול וויט, אימהדיק און באַקאַנט
רוישט פון בערגיקן וואַלד.
דאָס שטיבל איז קליין.
דאָס האַרץ אָנגעשפּאַנט.
די וועלף שטרעקן די העלדזער
צו דער פעלדזן־וואַנט.
ווי לעשנדיקע פונקען פאַרגליען
די ווערטער אויפן ווייסן פּאַפּיר.
עס הויבט אים אויף אַ געהיימע האַנט.
ער גאַפט. בראשיתדיק, שרעק־געשריי
אין שטורעמדיקער נאַכט־הוילקייט ער הערט — — —

# נאָכן רעגן

ייִנגל־קלײן,
דער רעגן האָט אױסגעװאַשן
דעם װעג, דעם זאַמדן־שטײן.
די בײמער טריפֿן.
עס שפּיגלען די װאַסער־טיפֿן.
לױטער, רײן די פֿרײד שװעבט אַרײן.
ייִנגל־קלײן זע, איבערן װאַלד שטראַלט
דער רעגנבױגנדיקער שײן.

## אָפּן.

די פערד אויף די לאָנקעס שפּרינגען.
די קאָרנפעלדער דעם פינקלדיקן טוי טרינקען.

אויסגייענדיקער טאָג אויף שפּיגלדיקן וואַסער.
קילער, סאַמעטענער שאָטן ווערט לענגער, גרעסער.

עס צאַנקט דאָס רויטע ליכט.
דער ווינט פעכערט דאָס מאָכיקע פעלדזן־געזיכט.

פאַרבענקטער טאָג אין וואַלד זיך באַהאַלט.
דער חלום שפּאַנט אַריין אין נאַכטיקן לאַנד.

שטערנט־אויף דער הימל־ברעג.
טריט ליכטיקן אויף באַרגיקן וועג.

איינגעשטילט דער האָפן.
פעלדזשטיינער גאָפּן.
דאָרפישע שטיבער שלאָפן.
די וועגן ווייס, צויבערדיק, אָפן.

שעפּטשענדיקע שטילקייט אומעטום.
די נאַכט רינגלט מיך אַרום.

# ליד.

איך וועל גראָבן אַלע טיפן.
איך וועל אין דער פינצטערניש האַקן שיכט נאָך שיכט,
ביז עס וועט אַ ברי טאָן מיינע הענט דיין לויטער ליכט.

ליד — געזאַנג פון אַלע גלידער.
איך רוף צונויף מיינע וואַגלענדיקע ברידער.
גליענדיקער, לייטערנדיקער האַרבסט.
קי אין די טאָלן.
עס פאַרשמעקן די צעזעגטע קלעצער.
אויף די בערג גאָלדיקן די רויטע מאַכיקע הערצער.

איך הויב אויף מיין לויבגעזאַנג
צו די וואָס זאַמלען איין די פולע זאַנג.
הערט, די זינגענדיקע ליכטיקייט פון פעלד.
זעט, דעם שפּראָצנדיקן, הויכן טאָג
איבערן שטילן געצעלט.

ליד מיינס, וועסט נאָך גרונטיקן די טיפן.
די פינצטערניש וועט פאַרשווינדן שיכט נאָך שיכט.
אויף מיינע הענט וועט זינגען דיין שטראַליק ליכט.

פון דער סעריע
סאַנאַטאָריע.

## אונטער דיין פענצטער

אויף בערג, אויף אייזיקן שטאָל
גליטשט זיך די לבנה.
אין שניי־פּאַרדרימלטן טאָל
יאָגט דער וואָלף, לויערט די סכנה.

און איך בין יונג,
די פיס מײַנע פלינק.
די בענקשאַפט פליענדיק־גרינג.
יאָגט איבער וויסט,
מיטן־וואָלף אויפן וועג,
און שטעלט מיך אונטער דיין פענצטער אוועק.

אַלע לאָמפּען ברענען דורך די פענצטער.
די בעטן — ווייסער טרויער.
בלוט שוימט דורך מויל.
דאָס פּנים ווערט גרויער.
די האַנט ווערט שטיין.
דער טויט בלייבט שטיין —
מיין שאָטן אויפן פענצטער.
דיינער שוועבט אויפן וואַנט.
אַלע בעטן אין טויט פאַרקלעמט.
עס טרויערט דיין מידע האַנט.

ווערט שפּעט, שפּעטער.
אַלע לאָמפּן אויסגעלאָשן.
דו פירסט מיך פון פענצטער אַוועק.
די בענקשאַפט פליענדיק־גרינג,
יאָגט איבער וויסט,
מיטן וואָלף אויפן וועג,
און שטעלט אונדז אין פויערישן שטיבל אַוועק.

ווייסער טרויער אויסגעשפּרייט.
אין דיינע הענט ברענט מיין פרייד אויס.
אויסגעשפּאַנט שטייט דער אָנגעגרייטער שליטן.
אויף די שייבלעך פּאַלן שנייען — זילבערנע בליטן.
בילנדיקע הינט דאָס דערפל היטן — — — —

## ערשט און אַליין.

וואַלדיקע בערג־קעפּ פלאַמען.
גרויע, פאַרקלערטע שטיינער שטומען
אויפן אומעטיקן, ליידיקן פעלד.
האַרבסטיקער פרימאָרגן אויף דער וועלט.

אויפן טייך שפּיזט אַ שטראַל.
די קי מרוקען באַ דער אָפענער שטאַל.
די רויטע בלעטער פלאַטערן.
די פייכטע צווייגן שאָרכען.
עס וואַקסט די פרייד פון זיין
ערשט און אַליין.

פרימאָרגן, עס איז גוט דער ערשטער טאָג.
דאָס וואָרט זינגט, עס בענטשט דער ערשטער זאָג.

## דאָס נעגער ייִנגל דזשאָרדזש

א

דאָס נעגער ייִנגל דזשאָרדזש פֿון שקלאַפֿן־לאַנד קאַראָלײַנע,
געזעגנט זיך מיט די שכנים, טאַטע־מאַמע און ברידערלעך קלײנע.
ער פֿאַרלאָזט דאָס שטעטל — זײַן געבוירנאָרט.
דאָס פּעקל הוידעט זיך אויף אַ זשאַווערדיקן דראָט.
זײַן האַרץ אין קלעמענדיקן ווייטיק, אין צאָרנדיקן ברויז.
עס כליפּעט אין אים דאָס שטילגעוויין פֿון אָרעמען הויז.

ער שפּאַנט אַרויס פֿון שקלאַפֿן־לאַנד.
עס יאָגט אים אָן, עס פֿאַרכאַפּט אים
אינמיטן וועג די נאַכט.
שטײן, בוים און זאַנגען־פֿעלד.
נישטאָ קײן נאָרע, קײן פּאַסטוך־געצעלט.
ער איז מיד, ער האַלט זיך קוים.
עס זעצט פֿון זײַן מויל ווײַסער שוים.

קאַלט, פֿאַרקלעמט, אײן־אַלײן.
ער טוליעט זיך אײן אויף אַ געלעגער־שטײן.
עס ציטערן אין זײַן יונגן גוף
דורות־שרעק און שטראָף.
עס פֿאַלט אָן אויף אים דער שלאָף.
דער חלום שימערט איבער זײַנע ברעמען:
ייִנגל, האָב נישט קײן מורא, קײנער וועט דיר נישט טאָן קײן בײז.
קײנער וועט דיך נישט פֿאַרשעמען.
ווײס, ביסט שטאַרק און גרויס און ערלעך אין דײַן פֿראַצע־שווײס.
איך בין דײַן באַשיצער, די וואָס זוכן דײַן בלוט וועלן אומקומען —

עס גליווערט דער שטײן אונטער זײַן צוקאָפּנס.
לבנה טריפֿט אויף זײַן געזיכט טרויער־טראָפּנס.
דאָס אוראַלטע חרן־לאַנד אַנטפּלעקט:
אויף זאַמדן־שטײן ברומען חיות רעות.
די וועגן מיט ווילד־גראָז באַדעקט.

ווי יעקב אנטלויפט ער פון זיין ווייסן ברודער,
פון עשוס גזלנישע הענט.
ער איז פון דער היים אוועק.
ער וואָגלט איין־אַליין אויף יענעם פאַרבאָרגענעם מדבר־שטעג.
די שווידער־זעאונג שליידערט אים צוריק
צו די ווייטסטע, יאָמערדיקסטע טעג,
שמידט אים איין אין קנעכטשאַפט, אין בראָך:
דאָס פאָלק קרעכצט אין יאָך.
ער איז אַ קנעכט אין מצרים.
ער הייסט ישראל, מנשה, אפרים.
איבער אים דער נוגש מיט דער בייטש.
דאָס בלוט גליווערט אויף אויפגעדראָלענער באַק,
אויף קאַרביקן קנייטש.
רוצחהדיק געשריי, וויסטע פלוכט.
די טרערן טריקענען אויף אָנגעווייטיקטן געזיכט.
אָט איז דאָס גאַנצע גושן־לאַנד,
די בני ישראל געקאָוועטע אין קייטן אונטער זוניקן בראַנד.
יעדער געבערגלט אָרט, אַן עקדה, אַ פייער־שייטער.
יעדער בוים — אַ תליה־לייטער.
די טעג אַנגסטיקן, ווערן לענגער, ברייטער.
אין די נעכט וואונדיקן די לייבער אויף די רויע, רייבנדיקע ברעטער.
און ערגעץ צווישן הייסע, כוואַליענדיקע זאַמדן
איז משה אַ שעפסן־היטער.
אין אַ פאַסטוך־געצעלט באַהאַלט זיך דער רעטער.
דאָס צעפאַלנדיקע קלייד אויף זיין לייב־צעמאָילטע פאַלדן.
הייסע ווינטן קאַרבן דעם צער אויף זיין פּנים.
גאָט שווייגט, פאַרטיליקט נישט די שונאים.
רחמימדיק־געוויין פאַלט אויף פעלדזן־שטיין —

ב

און דזשאָרדזש שפּאַנט דעם לײדנסװעג צוריק.
עס בװיערט אים דורך דעם שאַרפֿן דראַמאַטישן בליק.
זײַן חבר טאָם בראַנדיקט אויפֿן הענגענדיקן שטריק.
פֿון געבוירן אָן, זײַן לעבן געטרײסלט אין אַ שטעכיקער װיג.
מצרים — די גאַנצע ערד.
אים איז מאַטער בלויז באַשערט.
ער אַנטלויפֿט איצט פֿון קאַראָלײַנע.
עס בענקען נאָך אים די ברידערלעך די קלײנע.
זײַן גלויביקער פֿאָטער, דער תמימותדיקער דזשאָ,
לײענט דער מאַמען די ביבל אין פֿאַרנאַכטיקן־בלאָ.
אויף דער שװעל דרימלען די שכנים — מידע שקלאַפֿן.
זײערע טרויעריקע פּנימער גאַפֿן.
געפּײניקטע, רעכטפֿאַרטיקע מענטשן.
זײ טוען אין הארצן דעם טאַטן בענטשן.
עס שאַלט אַ קול:
קינד פֿון ישראל, געפּײניקטער אין קאַראָלײַנע,
װאַרף אַראָפּ דעם שקלאַפֿן־עול.
איך װעל דיך אויסלײזן פֿון קנעכטשאַפֿט.
אָנגעגרייט איז פֿאַר די באַצווינגער דער טאָג פֿון רעכנשאַפֿט.
שרעק זיך נישט, עס רעדט צו דיר אײבראַהעם לינקאָלן:
שטײג אויף פֿון די שלאַנגען־טאָלן.
ביסט נישט אַלײן, דײַן שליחות נישט פֿאַרשעם.
באַלד װעט דער מאָרגן אויפֿהויבן זײַן גילדערנע ברעם.
נידער אין נײַעם לאַנד, דײַן פֿאָלק האָט דאָרט
שטאָלצע, קעמפֿערישע מענער, װאונדערלעכע פֿאָעטן.
ביסט שטאַרק און גערעכט, קײנער װעט פֿון דיר נישט שפּעטן.
שטעלט זיך אין דער מחנה פֿון די קעמפֿער דזשײמס װ. פֿאָרד.
באַפֿרײַטער טאָג װעט אויפֿגײן איבער אים — אַ זוניקער ראָד.

ג

דאָס נעגער יינגל כאַפּט זיך אויף און שטוינט.
וואָר, אין יענעם לאַנד דער גרויסער, קעמפּער וואוינט.

דער הימל ווערט ליכטיקער, ברייטער.
דער מזרח — אַ פלאַקערדיקער שייטער.

זיינע טריט ווערן זיכער און גרינג.
אויפן טייך דרייט זיך אַ גאָלדענע רינג.

ער נידערט אין נייעם לאַנד.
עס ווינטלט די בלעטער־צווייג אין זיין האַנט.

## ברודער טאָם

גוטער, שוואַרצער ברודער טאָם,
זאַפּסט איין אין זיך דעם פּיין,
ווי וואַסער דער שוואָם.
באַגין, אין אויפגלי פון זוניקן־ראָד,
זינגסט וועגן גאָטס גרויס גענאָד.
אויף דיינע ליפּן ווייסער שוים.
דיין ניגון — פון טרויער־תהום.
די פאַרשעמטקייט וויינט אין דיין געצעלט.
ביסט אַ שקלאַף אויף אייגן פעלד —

גוטער, פשוטער ברודער טאָם.
דיינע האָר — שוואַרצער וואָל.
שאַרפסט די קאָסע פון שטאָל.
דיין תהילימדיק־געזאַנג פאַרוויגט דעם וואַלדיקן טאָל.
דיין יעדער טראָט בענטשט די ערד:
אַזאַ גליק האָט גאָט מיר באַשערט,
אַן אייגן שטיבל, אַ שטיקל פעלד, אַ קו און אַ פערד.
רעדסט שטיל, הכנעהדיק־געבויגן.
עס פינטלט די שרעק אין דיינע אויגן —

גוטער, פשוטער ברודער טאָם.
אינמיטן טאָג, אַ מידער, אָנגעשפּאַרט אויף דיין לאָם,
בלעטערסטו די דינע בלעטלעך פון דער ביבל.
מיט הייליקע גייסטער פול איז דיין שטיבל.
ליב זיינען דיר די פליינען פון כנען.
קענסט שווין דאָרט יעדן שטעג און שפּאַן.
אברהמס פּאַטערלעכע ליבשאַפט בענטשט אין מדבר־זאַמד,
שאָף און רינדער, ווייבער און קינדער — דאָס גאַנצע הויזגעזינד.
פרידן אין די געצעלטן בײַ פעלדזן־וואַנט.
ברודער טאָם, פאַרנעם אויך דאַן
די שטורעמדיקע רייד פון די נביאים.
טרייסט און האָפנונג פאַרהאַן
אין זייער גערעכטן ברויז קעגן באַצווינגער און זיין הויז.

ברודער טאָם, וואַרף אַראָפּ די פאַרשעמטקייט,
דעם קנעכטישן שפּאַן.
זאָל זיך דער יאָמער־געשריי אַרויסרייסן פון דיינע גלידער.
הער, עס זינגען ווען פרייהייט דיינע יונגע ברידער.
ציטערדיקע פרייד אין שווערן שטרייט.
ברענג דאָס האָפן מיט דיין טיפן גלויבן,
צו אַלע וואָס וואַלגערן זיך אין שטויבן.
גוטער, פשוטער ברודער טאָם.
ליכטיק ווערט אַלעמענס געדאַנק.
זינג־אויף דאָס ברויזנדיקע שטרייט־געזאַנג!

## טרייסטנדיק געזוויין

אפּריל, פאַרנאַכט.
בא א חורבה א פאַרלאָזטער,
זיצט טרויעריק, פאַרטראַכט,
דער זינגער סטיפן ק. פאָסטער.

פון דער בערגיקער הויך
די וואַסערן שטראָמען.
עס בענטשט די שטילקייט
דאָס פרילינגדיקע, פריידיקע קומען.
אָ, גאָט, פול מיט גנאָד דיין נאָמען,
אין טיפן עלנט מיין זעל טוט שטומען!
דער פאַרנאַכט נעמט מיט
זיינע טרויעריקע הענט אים אַרום.
סטיפן ק. פאָסטער זיצט פאַרטרוימט, שטום.

סאַמעטענער, לאַנגער שאָטן פאַרצויגן.
א פויגל פליגלט איבער דער נעסט — די צווייג פאַרבויגן.
א געליטענער, פול מיט פּיינען ווי א שוואָם,
בענקט ער נאָך דעם ליבן דזשאָ,
נאָך דעם פרומען נעגער טאָם.
עס איז די שטאָט שלעכט ווי סדום,
תאוהדיק לעבן זינקט אין רשעותדיקן תהום.
עס וויינען אין אים די ווערטער פון „אָלד קענטאָקי האָם".
נידערנדיקע פינצטערניש קלעמט איין — א שטייגן־צאָם.

דער הימל אויף פעלדזן־שטיין דרימלט.
אין וואַלדיקן טאָל אַ פּענצטערל פֿלעמלט.
ער שטעלט זיך אויף, בלאָנדזשעט אין פינצטערן־רינג אַליין.
זיין טראָט געבראָכן, קליין.
דאָס האַרץ געלייטערט, ריין.
עס שאָרכעט דאָס זאַמדיקע וועגל.
אַ קראָ קראַקעט אויפן ברונעמל פון ציגל.
דאָס וואַסערל אין מאָכיקן גרין — אַ שוואַרצער שפּיגל.
ער שטרויכלט און בלייבט הינטער נעגער שטיבל שטיין.
אין פאַרגאַפטן־אַרום ניגונט אַזאַ פיינלעכער ברום:
פאַרעלנט געמיט, דער נעגער זינגט ווייטיקדיק, פרום.
דאָס געזיכט — גליאיקער פיבער.
הייליקער ציטער אין זיינע גלידער.
„סוואַני ריווער" — באַצערטער, ברומענדיקער ניגון.
דער הימל עפנט די ריגלען.
נעגער האַרץ — אַ וויינענדיקע לירע.
סטיפן ק. פאָסטער שעפּטשעט די בעטנדיקע שירה.
מורמלענדיקע טענער.
עס ציטערן די דינע, גרינע נאָדלביימער.
אַרום אים פלאַטערן העלע, פרייהייט־פענער.
טרערן פליצן פון זיינע אויגן — אַ וואַרעמער רעגן:
אָ, גאָט, עס איז דאָס נעגער פאָלק ליכטיק, גלויביק.
מיין פיין זינגט אין זייערע ערלעכע שטיבער.
פיר אונדז אין פרייען לאַנד אַריבער —

סטיפן ק. פאָסטער גייט אין שטיבל אַריין.
אויף דער וואַנט אומעטיקט פלעמלדיקער שיין.
זיין פנים לויטערט אין טרייסטנדיק געוויין —

## סטיפֿן ק. פֿאָסטער שרייבט אַ ליד

סטיפֿן ק. פֿאָסטער — מיין פֿאַרטרוימטער, טרויעריקער זינגער.
דער מאָרגנשטערן איבער דיר אַ גאָלדענער פֿינגער.
די פֿליינען הויך באַגראָזטע.
עס וואַרטן אויף דיר וועגן פֿאַרלאָזטע.

לעבן דיר שוימט ביטערלעך דער קופּל־ביר.
אומהיימלעך אין קאַלטן, עלנטן באַגין.
פֿאַרצווייגן אין ווינקל דאָס ווייסע געשפּין.
און דו סטיפֿן ק. פֿאָסטער,
קוקסט דורך פֿאַרהויכטן פֿענצטער.
טרויעריק, שוואַרץ,
וויינט דאָס ליד אין אייגן האַרץ.
ביים ברעג פֿליוכעט אַ שיף.
דו שרייבסט צו זיך אליין אַ פֿאַרבענקטן בריוו —

## וואַלגאַנג.

גרויער, געדיכטער נעפּל רויכערט, צערינט.
נאַכטיק־וואַלדיקע בלינדקייט פאַרשווינדט.
סטיפן ק. פאָסטער וואָגלדיקער ברודער־דיכטער
איז אומרואיק, טרויעריק אַצינד.
טיפע בענקשאַפט זיין האַרץ צינדט.
דער פרימאָרגן קלאָרט אויף געבערגלטן וועג.
דער פאַסטוך־יונג פייפט ביים שטילן, קילן וואַסער ברעג.
גאָלדענער פלאַקער אויף דאָרפישע שויבן.
זיינע טרערן נעצן די זאַמדיקע שטויבן.
דער פלויט, די שטאַל, דער גרינענדיקער שטעג,
דער שאָרכענדיקער פויגל איבערן לויטערן טייך,
דערמאַנען אים אין ווייטע, היימישע, קינדערישע טעג.
דזשאָ איז שלאָף.
אין זיינע לידער־תפילות דאָס געוויין פון פאַרשקלאַפטע דורות.
אַ טרייסט זאָל זיין אין שווערן פּיין
דאָס ליד וואָס איך אַצינד באַשאַף.
צו אים מיינע לעצטע, בעטנדיקע שורות,
מיינע בענקענדיקע לידער — בליפּענדיקע לירעס.

סטיפן ק. פאָסטער זינגט ווידער אויס
זיין בענקשאַפט־ליד צו „אָלד קענטאָקי האָם".
פריש, קיל קוועלט דאָס וואַסער אין ברונעם.
פייגל זינגען אויפן גאָרטן־צאָם.
אַ פויער צלמט זיך געבויגן איבער זיין לאָם.
שאָטן בוים פעכערט איבער אים
מיט די ציטערדיקע צווייגן־הענט.
עס בלענדן די רויטע הימל־ווענט.
טרויעריק, לעכצנדיק געזאַנג
אויפן לעצטן, איינזאַמען וואָגלגאַנג.

## אין קלויסטער גאָרטן

פאַרנאַכטלעך, לײדיק דער װאָקזאַל.
אויף פעלדער נעפּלט טויאיקע שאַל.
אַ פייער שפּיגל — טייכיקע טיף.
בלויער הימל — אַ שווימענדיקע שיף.
דאָס דערפל אין שטילן אומעט פאַרטוליעט.
שווערע קלויסטער טירן פאַררינגלט.
לעצטע מודעה פאַרטריפט, פאַרזיגלט.
דער צלם גאָלדיקט.
מיט פרום געבעט שלײכט שטיל דער עולם.
אין קלויסטער גאָרטן קילע װינטלעך ריטלען.
די דינע בעריאָזקעס ציטערן אין די װײסע קיטלען.
צווישן פאַרביקע, נאַסע קוסטן
שפּאַנען נאָנעס הין און צוריק.
אין די לאַנגע, שלעפּנדיקע קלײדער
שאָרכען די אָנגעצונדענע לוסטן.
די זאַטע פּנימער — רויטער צוויק.
אין די װײכע קנײטשן בײזע פרומקייט,
שטײן־האַרטער מידת־הדין.
עס װיגן זיך די בײמלעך אין װײסן געשפּין —

קריכט אַ מײדל צום געקרײציקטן מאַן פון נצרת,
אויסװײנען איר צער, בעטן פאַרגעבן פאַר זינדיקן לעבן:
יעזוס דערבאַרעמדיקער, איך בין פון דזשאַנען מעוברת.
די ריינע, קינדערשע אויגן
מיט טרויער און װײטיק פאַרצויגן.
די ליפּן — רויטער טוי:
פאַרוואָס שטראָפסטו מיך גאָט אַזוי?
מײן דזשאַן האָט מיך אמתדיק ליב געהאַט.
דאָס קינד איז הייליק אין מײן מוטער־טראַכט.
אויסגעשטערנט איז געװען די נאַכט.
ער האָט מיך צום סאַמעט־מאָכיקן טאָל געבראַכט.

געווען איז גראָזיק, קיל.
דער וואַלד האָט געדרימלט אין דער גרינער שטיל.
זיס אויף די ליפּן דער רויטער טוי.
ווייך צוקאָפּנס דאָס בינטל שטרוי.
מיין דזשאָן איז געווען יונג, גוט און צאַרט, ווי אַ קינד.
ער האָט פאַרליבט, גליקלעך געלאַכט.
ער האָט געטראַכט, די ליבע זיין לעבן באַוואַכט.
ער איז געפאַלן אין דער ערשטער שלאַכט —
פינצטער איז מיר אַצינד די ליכטיקע שיין.
איך בין עלנט, אליין.
מיר איז געבליבן אַן אויסגעשטערנטע נאַכט,
און דאָס קינד וואָס וואַרפט זיך אין מיין טראַכט.
טאַטע־מאַמע ווילן דאָס נישט פאַרשטיין.
וואוזשע קאָן איך איצטער גיין?

דאָס מיידל קניט.
הייסע טרער דאָס פּנים בריט.
יעזוס נידערט פון קרייץ אַראָפּ.
ער גייט דעם מיידל אַקעגן.
עס בלענדן אַלע וועגן.
ער טוט אָן אויף איר קאָפּ
די דערנער־קרוין . . .
פאַרנאַכט ברענט אויפן פּלוין.
איבער איר צינדט זיך פאַרביקער רעגנבויגן.
טרייסטנדיקער וואונדער אין אירע אויגן — — — —

עס גאַפן די נאָנעס.
אויף פעלדזנשטיין קראַקען פאַרכטיק די וואָראָנעס.
אין דערנער־טאָל האַרבע ווינטלעך ריטלען.
דינע בעריאָזקעס ציטערן אין די ווייסע קיטלען.

## סטעפאַן צווייג

די נאַכט קעמט די דעכער מיט פּראַסטיקער קאַם.
באַרג און צלם ברענען אין נעפּל־פּלאַם.
איך בלאָנדזשע אין טרויער און שווייג,
און טראַכט פון דיר פאַרלוירענער ברודער סטעפאַן צווייג.

איך שלייך דאָ אַרום אין פרישן שניי,
עס גייט אויף אין מיר אַזאַ טיפער וויי.
איך זע דיך ליגן אין אָרון שטייף און שטאַר,
עס שטילט נישט איין אין דיר דער צער.
דער חושך פאַרטוליעט אויף דיינע ברעמען.
מיט מיינע הענט איך טו דיך אַרומנעמען.
נישט די רויטע פאַן ווייעט איבער דיין צוקאָפּנס.
עס וויינט דאָס טרויער־ליד שאָפּענס.
דיין געזיכט וואַרעמען מיינע טרערן־טראָפּנס:
האָסט דאָס יידישע גלות נישט געקענט פאַרטראָגן,
אין נע ונד פון לאַנד צו לאַנד זיך יאָגן.
האָסט מורא געהאַט אין אונדזער אמתן בראָך אַריינקוקן.
ביסט נאָך אין אונדזער עלנט און דלות נישט געווען,
און שוין איז עס געשען!

מיר אין איינזאַמקייט פאַרטריבן.
נאָך יעדן פּינצטערן גזר — אַ הייפל גלויביקע געבליבן.
אונדזער לעבן אין פאַרשעמטסטן, געהויקערטן שטיבל,
די זון הענגט נישט אויף דאָס גאָלדן־שנירל
אויף אונדזער פאַרקראַטעוועטן טירל.

עלנט און נויט,
מיר זינגען וועגן אונדזער אָרעם־ברויט.
הארבסט, אומגליק און שטורעם־שטויב.
פאַרן מאָרגן מיר געפינען אין אונדזער ליד ווערטער פון לויב.
אָ, פאַרוואָס ביסטו מיט אונדז אין אונדזער תחום,
אין קאַמף נישט מיטגעגאַנגען?
וואָלסט מיטגעריסן געוואָרן פון די גלויביקע געזאַנגען.

אויף אונדזערע קעפּ דערנער־קראַנצן.
אין שטורעם, אין שוידער־שטרייט דער גרויסער טאָג רייט.
באַגין, אַזאַ וואונדערלעכע פרייד אויף ערשטע, שפּראָצנדיקע פלאַנצן.
אונדזער ליכט שיינט אויף. דאָס פרידן לאַנד איז אויסגעשפּרייט — — — —

אָ, פאַרוואָס ביסטו מיט אונדז אין אונדזער תחום,
אין קאַמף נישט מיטגעגאַנגען?
וואָלסט מיטגעריסן געוואָרן פון די גלויביקע געזאַנגען.

## עס דערמאָנט

1

גילדערן־געפּלעקט שטילע, שאָטנדיקע וועלדער.
אין פאַרבענקטער אומעטיקייט, לײַדיקע פעלדער ליגן אויסגעשטרעקט.
די הענט הײַם, גאַרנדיק.
דער מאַלינע־קוסט אָפּגעפּליקט, דאַרנדיק.
פעלדזן־וואַנט הויערט שטום, צאַרנדיק.

אומעטיקט אויפן באַרג דאָס שטיבל אַליין.
עס מיניעט דער רויטער, האַרבסטיקער שײַן.
אונטערן צווייגן־דאַך
דער חלום איז וואַך:
אַוועקגעשוועבט האָט דאָס גליק.
מיט וועלכן וועג וועסטו קערן זיך צוריק?

איך שטיי דאָ.
עס דערמאָנט די שעה:
דער פרימאָרגן ווינטיק, בלאָ.
אַ שנײַדנדיקער פײַף.
די רויזן וועלקן אין רויטן שלײַף.
דאָס טיכל ציטערט אין דײַן האַנט.
עס ליכטיקט דער הימל־ראַנד.

2

פון דער פרעמדער ווייט
גרייכן דיינע בענקענדיקע רייד:
עס איז ווערט פרייע, מאַמע־ערד,
דעם פּליים און נעצנדיקן שווייס.
פאַר יעדן די ערלעכע פּראַצע.
פאַר יעדן די שפּייז.
גליקלעכע פעלקער אין איין זוניקן שפּרייז.
וואו מען קערט, אַלץ צו יעדן געהערט.
דער נייער מענטש, דער גלויביקער היינט
טריפן וועט אין דיר טרייסט.
מיין נאָענטער, נאָך דיר בענקט מיין האַרץ,
קענסט נאָך באַטרעטן היגן ברעג אין חודש מאַרץ.

3

איך צייל חדשים, יאָרן.
אַרום מיר פלאַקערדיקער דאָרן.
איך שפּרינג אין שטאָלן־רינג.
אין דורכגעפּייניקטע, ראַנגלענדיקע יאָר
וואַקסט דער קעמפערישער, דערהויבענער דור.
איך לאָז דיר וויסן אָפּט,
עס קומט אָן דער טאָג וואָס שטראָפט.
ביז — אין איינע, אַן איינזאַמע נאַכט:
דער וואַלד פאַרזינקט אין ציטערדיקן שטערן־ליכט.
די בענקשאַפט אין געמיט אויפגעריגלט.
מיין לעבן אין דיין ליבשאַפט פאַרזיגלט.
עס רעדט דיין בריוו אין גאַרנדיקן ווי:
שוין, גאָלדיקט דער האַרבסט,
באַלד וועט זילבערן פּראָסטיקער שניי.
ווערט שאָטנדיקער, שפּעטער,
דער הימל גלאָזיק־רויט.
שעפּטשענדיקע פרייד אין צוזאָגנדיקן ענטפער:
אויך דאָ אין וואַלד דער האַרבסט וועלקט, גרויט.
ווען די ערשטע שנייען וועלן אָנטאָן
ווייסע ציכן אויף גאַסן און געביימן,
זאָלסטו אויף מירביים נעפּלדיקן ברעג וואַרטן.

5

אַ, פֿײַנלעכער באַגינען.
די פֿרייד איז אַנטרינען.
ווינטיק־קאַלט שווימט דער האָפֿן.
באַוואָפֿנטע מאַטראָזן שטייען און גאַפֿן:
לענדער באַהאָגלט מיט פֿייער־שרויט.
אויף געבענטשטער ערד שפּאַנט דער טויט.
ברודערל, נישט קלאָגן!
העלף מיט אונדז די פּײַנען טראָגן.
אונדזער בענקשאַפֿט וואַקסט אונטער די שינעלן.
מיר וועלן די ליבשאַפֿט צוריקברענגען צו אונדזערע שוועלן.

6

קאַיִר,
מיר איז פֿײַנלעך, קלאָר:
דער הימל איבערן שטיבל ליכטיק, בלאָ.
דו ביסט נישטאָ.
מיר האָבן דעם שונא געשלאָגן.
איך הער די מאַמע־ערד אַנגסטיק קלאָגן.
די ליבשאַפֿט שווימט אין מיר,
ווי דער ווײַן אין ערדענער קרוג.
דו ביסט געפֿאַלן ביים כוואַליעדיקן בוג.
טרייסט וועט נישט ברענגען דאָס האָפֿן.
זיג האָט די פֿרייד אויף דײַן ערד נישט געטראָפֿן — — — —

## אַז איך וועל מערנישט זיין.

אַז איך וועל מערנישט זיין,
וועט די זון אויפגיין און פאַרגיין.
איך וועל זיין גראָז און בוים, ערד און שטיין.
איך וועל זיין דער וואונדער אַליין.
אין אַלע פאַרביקייטן וועל איך בלענדן,
גאָלדיקן אין די קילע, קלאָרע זאַמדן.
איך וועל זיין די ליכטיקע אייביקייט.
אין די הימלען וועל איך בלויען.
איך וועל זיין אין גילדערנעם מאָרגנשטערן,
אין די פּערלדיקע טויען.
אין וויסן-נישט-וויסן
וועלן פרישנדיקע וואַסערן
איבער מיר זיך גיסן.
איך וועל זיין אין שטראַלנדיקע וועלטן.
אין גאָטס פרידלעכע, וואונדערלעכע געצעלטן.
אומעטום, און אין אייך וועל איך זיין,
ווען איך וועל שוין מערנישט זיין — — — ..

## רחמים'דיק געזאַנג

### א

ישראל פול מיט רויב.
אומעטום שפּריצט דאָס בלוט.
אויף לייבער קנאַלט די שלאַנגען־רוט.
די אַדונים ברענגען יהוהן אַ קרבן־לויב . . .

די זינד צום הימל שרייט.
צו אָפּגעטער דער מזבח רויכערט.
די רייכע צאָלן דעם שופט שוחד.
דער אָרימאַן האָט קיין־ערד־שפּאַן.

אין ישראל פּיין און טרויער.
עס טויבט דאָס וויטיק־געשריי
פון אָרימאַן און פּויער.
יעדן טאָג דאָס זעלבע שוידער־בילד:
הונדערטער מענטשן הענגען באַ די האָר אויף דער בריק.
אַ שוטר — אַ ריז,
מיט אַ בליאַסקענדיקער שילד,
טרעט אַ פּויער מיט די פיס.
שלאָגט מיט דיקע שטריק:
ווילסט צוריק דיין אַרב — שטאַרב!

און מיט רשעות מיט טעמפּער,
באַוואָפנטע זעלנער שלעפּן אויף דערנער
נאַקעטע קערפּער.
זידלען און שעלטן:
איר אָרעמע, מאַוסע קרעץ,
איר פּאָלגט נישט דאָס געזעץ.
איר האָרכט די באַנדע נביאים,
גאָט און קעניג איר ווידערשפּעניקט.

קרעכצט דאָס פֿאָלק
אונטער אייזערנעם קלאַמער.
קעפּ פֿון נביאים
שמעטערט דער האַמער.

איזבל זוכט אליהוס טויט,
לעבעדיקערהייט זי רײַסט
פֿון נביאים די הויט.
פֿאַרשטיקט איז דאָס צאָרנדיק קול,
דער שטאָלצער, מוטיקער מאַן פֿון גלעד
איז נע ונד:
די זון — אַ פֿײַער־קויל.
עס גליט דער מדבר־ים.
אומענדלעך כוואַליענדיקער זאַמדן־צאַם.
נישטאָ קיין שאָטן־בוים, קיין דאָרער־שטאַם.
בעט אויף זיך אליהו דעם טויט.
עס הערן חיות אויף פֿאַרבאָרגענע וועגן,
דאָס געפֿליגל אונטערן הימל.
אליהו באַ זײַן הייל,
אָנגעלענט אויפֿן האָרביקן שטיין.
עס פּײַניקט אים דער דאָרשט און די היץ.
אויסגעטריקנט דאָס רעגנוואַסער.
אָ, שיק גאָט דעם קראַכנדיקן דונער,
דעם בלענדנדיקן בליץ.
עס יאָמערן מיט אַלע חיות,
אַ געברום פֿון ווילדע סטייעס.
אַ געקלאַפּ פֿון פֿליגל,
ווי פֿון הימל זאָלן פֿאַלן גליענדיקע ציגל.
דער פֿויגל, דער שפּאַרבער, דער אָדלער און די קראָ
טראָגן אין מויל טראָפּנדלעך וואַסער פֿון אַ ווײַטער, טײַכיקער בלאָ.
דער לעמפּערט, דער לייב, דער ווילדער אָקס און די ווילדע טיר
אײַלן טויזנטער מײַלן פֿון וואַסער־פֿאַל,
עס קילט אין מויל אַ וואַסער־שטראַל.

אַלע רינגלען אַרום דעם וואונדערלעכן מאַן,
מידע קניען זיי בײַ זײַן צופֿוסנס פֿון זײַן שטעקן — אַ שפּאַן.
טראָפּנדלעך וואַסער טריפֿן אויף אליהום העלנט,
זײַנע טרערן גיסן אויף די שטיינערנע ווענט:
גאָט פֿול רחמים און גנאָד,
אַלץ איז פֿאַרהוילן, טיפֿער סוד.
געדענק דײַנע עלנטע באַשעפֿענישן,
רײַץ זיי נישט מיט הונגער און דאָרשט,
גרייט זייערע באַדערפֿענישן אויף יעדן אָרט.
דײַנע חיות רעות — אין גאָרן וואויל און גוט.
לויטער זייער האַרץ, בענקענדיק זייער בלוט.
שפּרייט אויס דײַן פֿרידן־געצעלט
פֿון עק וועלט ביז עק וועלט.
און איך וויל דאָ שטאַרבן
ביים קעמל־שטיין.
איך וואַרט אויף דיר בײַ דער הויערנדיקער וואַנט,
וויג מיך אײַן מיט דײַן ליכטיקער האַנט.
שטראַל אויף דײַן פֿרידן־שײַן,
ברענג רו מײַן מידן שאַרבן־ביין.
אָ, לאָז מײַן לעצטן טאָג אין רחמים פֿאַרגיין,
לעצטע, שטילע טרער אויף מײַן געלעגער־שטיין.
איך האָב אַלישען אויסדערוויילט — אַ קריגערישער מאַן.
עס רוט אויף אים דער שטורעמדיקער, גערעכטער גייסט.
איבער קעפּ פֿון מלכים און אַדונים ער שפּרייזט.
דאָס רשעות פֿון געצנדינער מיטן וואָרצל ער רײַסט.

ווינטלדיקער פאַרנאַכט שפּאַנט,
אויף אַלץ אַ פּאָרכטיקע טרויעריקייט פאַלט.
אין מערב־ראַנד
וויקלט זיך אַ פייער־באַנד.
אַ שטראַליקע האַנט
ציטערט אויף שטיינערנער וואַנט.
אַ פויגל פלאַטערט שטיל און פלינק.
אליהוס גוף ווערט שוועבנדיק, גרינג.
עס הויבט אים אויף אַזאַ רחמימדיק געזאַנג.
הייליק, לויטער, לעצטער צאַנק.
עס זינקט דער טאָג בלאָנדזשענדיק, לאַנג — — —

עס דערנענטערן זיך אלישעס טריט.
איך בין יונג און דו שוועבסט אַוועק
מיטן פאַרהוילענעם, באַרוטן שטעג.
עס מיניעט דער ווייסער בויגן.
לעשנדיק דאָס ליכט פון מיינע אויגן . . .

צוריק, אליין, מיין וועג,
מיינע פיס טרעטן, ווי אויף שפּיציקער זעג.
פאַרלאָז מיך נישט לערער, פירער !
דאָס שלעכטס ווערט מער,
עס איז שטרויכלדיק, שווער.

און פלוצלינג אלישע דערהערט :
ביסט אויסגעקליבן און ווערט.
ביסט אויסדערוויילט צוזיין
אין פיינען־קאַמף איינגעשפּאַנט.
און אין זכות פון די קעמפער מיט גערעכטער האַנט,
וועט אין יעדן דור זיך אליהו אומקערן אין אַן אַנדער געשטאַלט.

אלישע דאָס פּנים אין מאַנטל באַהאַלט.
צוריק קיין ישראל צוקעמפן ער שפּאַנט.

## דער פּאַסטוך דוד

### א

אויפֿן פּאַרדרימלטן היגל, בײַ זײַן געצעלט
זיצט דער פּאַסטוך דוד טרויעריק, פֿאַרטראַכט.
טיפֿע, אויסגעשטערנטע נאַכט העלט.
די גרינע, שימלדיקע פֿעלזן־ווענט לעקט אַ וואַסער־צונג.
אויפֿן גאָלדענעם זאַמדן־ברעג פּייכטן די פֿרישע הירשן־טריט.
דער זינגער דוד איז שיין און יונג,
פֿון אַלטע לײַט גערימט, פֿון יונגפֿרויען געליבט.
שווערער טרויער בויערט זײַן זינגענדיק געמיט:
די פּלשתּים — סמענדיקע שלאַנגען, אונדזער אַרב פֿאַרשלינגען.
גאָט צערנט, פֿאַרהוילט זיך אין די הימל־הויכן.
אונטער זייערע וויסטע טריט וועלקן די בלומען, די פּאַשע־גראָזן.
דער בליענדיקער פֿייגנבוים דאַרט, עס שרעקט דאָס שטילסטע שאָרכען.
קעניג שאול מיט זײַן חיל פֿאַרבאָרגן אין הײלן־לעכער.
דער שונא ווילדער, פֿרעכער.
שלאַבריק זײַנען די הענט פֿון אונדזערע קריגסלײַט.
דער נאָמען פֿון ישׂראל דערנידריקט, פֿאַרשעמט.
יידישע דערפֿער פֿאַרברענט,
זין און טעכטער פֿאַרלענדט.
דער פֿידל הענגט בײַ זײַן צוקאָפּנס.
דער ווינט ציטערט אויף די וויינענדיקע סטרונעס.
זײַן האַרץ פֿון ווײ טרויעריק, קראַנק.
די וועבנדיקע שאָטנס פֿאַרוועבן דאָס געזאַנג.
איך האָב דעם וואָלף געשלאָגן.
דעם פֿאַרצוקנדיקן לייב צעריסן.
מיטן בלויזן שטעקן איך טו דעם בער פֿאַריאָגן.
אין דעם הונגעריקן אָדלער מײַן פֿײַל טוט שיסן.
די פּלשתּים פֿאַרגיסן דאָס בלוט פֿון ישׂראלס קינדער.
איך קען מערנישט זיצן אין פֿרידן,
און פּאַשען דעם פֿאָטערס שאָף און רינדער

דער פידל בליפעט אויף דער וואנט.
דער פידל שטורעמט אין דו״ם האנט.
צאָרן צינדט אָן די נאַכט,
דאָס הארץ האָט אויפגעוואַכט . . .
עס טויאיקט דאָס פּאַשע־לאַנד.
ווי ווייסע שניי־בערגלעך
דרימלען די שעפעלעך אין שטילן טאָל.
דוד נידערט צום אַקער־פעלד.
שטראַליק, אָפן די ברעגן־וועלט.
טיף־געבעט דאָס הארץ בריט.
דוד זינגט דאָס לויבנליד:
מיין ליבּ געשטאַרקט, אין היץ אין קעלט.
מיין זעל געלייטערט אין גלויבן, די ליבשאַפט קוועלט.
מיין האַנט נאָך נקמה דאַרשט.
דאָס געמיט שוימט אין האָס:
איך וועל שלאָגן דאָס פאַרברעכערישע עזה,
די מערדער־הייל גת.
איך וועל צעשטויסן די אומווירדיקע דגון־במות.
זיי אין מיין הילף גאָט פון נקמות!

ב

אַ גרינגער דרימל פאַלט אויף דודן.
נאַכטיקער טוי בלישטשעט אויף זיינע ברעמען.
צוזאָגנדיקע רייד פליסטערן אין זעעוודיקן טרוים:
איך דיין גאָט וועל דיך שטאַרקן, איך וועל דיך נישט פאַרשעמען.
דוד כאַפּט זיך אויף, שטוינט:
גאָלדיק בלענדט דער מאָרגנשטערן אין בלויענדיקן רוים.
וואָר, אויף די פּלוינען פון בית־לחם גאָט וואוינט.
איך וועל קעגן פיינט נישט אַרויסטרעטן מיט כלי־זין.
וואָרום, די שווערד און די שפּיז
אין האַנט פון דעם פּלשתי־ריז.
מיין מוט און דיין הילף, אָ, גאָט, שפּרייט אונטער מיין פלינקן שפּאַן.
איך וועל אַ שליידער טאָן דעם אויסגעשלייפטן קיזלשטיין.
זינקען וועט ער אין געצנדינערס שטערן־ביין.
זיין פּגר־לייב פאַר די ראָבן,
פאַר דורס׳דיקע לייבן און הונגעריקע בערן.

ג

פרימאָרגן, אויף אַן אָנגעלאָדענעם אייזל
צו זיינע ברידער דוד רייט.
שפּייַז פירט ער פאַר די קריגער,
ברכות פון טאַטן צו די שונאים־שלאָגער.
אין זיין מויל ער קלייבט שטאַרקע רייד:
זאָל דער קעניג שאול נישט צוריקקערן די שווערד אין שייד,
ביז דעם פּלשתים מערדער־קאָפּ וועט זיך נישט וואַלגערן
אין זיין אויסגעשפּרייטן, באַזילבערטן לייוונט־קלייד.
גאָט היטסט די טריט פון מיינע לעמער,
בענטש מיין וועג, גיס אַן די פרייד,
ווי דאָס קוואַליק וואַסער אין מיינע עמער.
דוד מאָלט זיך, ווי אין גאַנץ ישראל,
פון דן ביז באר שבע
זינגט מען אים אַקעגן:
דוד שלאָגט דעם שונא אויף אַלע וועגן.
דוד א באַפרייענדיקער העלד.
דוד צעברעכט דעם שווערן יאָך פון די פּלשתים.
ער היט דאָס גערעטעניש אויף אונדזער פעלד.
דער גילדערנער מאָרגנשטערן שטראַלט ווידער
אויף די גראָזיקע הויכן, אין די פרידלעכע טאָלן.
פרייד־געזאַנג אין די וויינגערטנער.
מיט פּייקל־טאַנץ שאַלן אים אַקעגן,
די שענצטע טעכטער פונעם לאַנד —

ד

און דער טאָג נייגט זיך,
עס שאָטנט דער נעפּלדיקער בערגיקער־ראַנד.
עס אַנטפּלעקן זיך די פאַרשעמטע
קריגס־מחנות פון ישראל.
אין היילן, אין זומפּיקע גריבער,
אין זינקענדיקן בלאָטע־טאָל
באַהאַלטן זיך דערשראָקענע די שטאַרקע לייט
פון גלבוע־קאַנט.

דוד פאַלט אויפן האַלדז פון זיינע ברידער.
אין דער גאַנצער מחנה פּחדים'דיק גערודער.
דער פּלשתי גלית טרעט אַרויס אויף אַ שטיין־היגל.
צעמאָלט מיט זיינע הענט זון־געברענטע ציגל.
ער שעלט דעם לעבעדיקן גאָט, אַלע יידישע שבטים.
ער רימט זיין שטאַרקייט גרעסער פון שמשון.
ער שפּעט פון דבורהן, ברקן און פון אַלע שופטים.
ער שטשירעט די ציין און ווילד ער לאַכט
פון קעניג שאול און פון זיין איבערגעשראָקענעם חיל:
אָ, איר גבורים — איר מדבר־לייט
די באַזעסענע ערד האָט אייער גבורה אָפּגעשוואַכט,
אייער מדבר־גאָט האָבן אַלע פעלקער אויסגעלאַכט,
וואָרים, אָן הייסן זאַמדן־שטורעם
איז שלאַבריק און שוואַך זיין שטאַרקער,
העלפנדיקער אָרעם.
אין אָפענעם פעלד מיט אונדזער גאָט אין שלאַכט
קענען זיינע הערנער נישט צעשפּויזן.
דער גרימצאָרן אין זיינע נאָזלעפער
אָן פייער־מאַכט.
קריגסלייט, איר עברים — ווילדע מדבר־לייט.
איר שטאַרבט אין שאַנד, אין קנעכטישן קלייד.
ווי מייז אין די לעבער — אין די פעלדזן־שפּאַלטן
איר טוט זיך באַהאַלטן.
נישטאָ דער מוטיקער מאַן, וואָס איז אָנגעברייט
אַרויסצוטרעטן קעגן מיר אין געראַנגל
מיט שפּיז און שווערד.
איר קענט קוים ברעכן פון בוים אַ טרויבן־הענגל.
מיר וועלן פאַרוויסטן אייער ירושה־ערד.
מצרישע קנעכט, בריען וועט אייער לייב
די פּלשתים האָרן־רוט.

ה

דוד שטעלט זיך פֿאַרן קעניג שאול.
אויף זיין יינגליש געזיכט הייסע טרערן שטראָמען:
קעניג שאול, געזאַלבטער פון גאָט,
פֿאָטערלעך, הייליק דיין געבאָט.
איך וועל אָרויסטרעטן, איך וועל בייקומען
דעם רוצחישן געצנדינער.
זיינע לעסטערנדיקע רייד
צינדן נקמהדיקן צאָרן אין מיר.
איך בין אָנגעברייט
מיט גליתן דאָס געראַנגל פירן.
מיר וועלן זיי שלאָגן אויף דער שוועל פון זייערע פעסטונג־טירן.
איך בין אַ פֿאַסטוך יינגל פון בית־לחם,
דער זון פון דעם גאָטספאָרכטיקן ישי.
מיינע ברידער געוואַגטע קריגסלייט,
זיינען אַוועק נאָך דיר פון אונטער דעם אַקער,
פון פיטער־פעלד, פון ווייַנשטאָק און בליענדיקער בייט.
מעכטיקער קעניג, אייביקער פרידן זאָל רוען אויף דיין שוועל,
דערלויב און באַפעל,
איך וועל דעם עקלהאַפטן שענדער
שלאָגן ווי דעם וואָלף און דעם לייב —
די פאַרצוקער פון מיינע שאָף און רינדער.
איך בין נישט געשיקט מיט שווערד און פייל.
די ארומרינגלענדיקע פיינט גאָט צעהאַקט און צעטיילט.
מיינע אויסגעשאַרפטע שטיינדלעך פון וואַסער־ברעג
לעבערן אַ שטערן אויף אַ מייל.
עס שווערן אויף מיר דער פּאַנצער,
די צונויפשנור־קייט.
מיט מיין פֿאַסטוך־שטעקן,
ווי אונדזער פֿאָטער יעקב,
בין איך אָנגעברייט אין געראַנגל גיין.
שאַרף, שפּיציק איז דער וואַרף־שטיין.
ער וועט דורכבויערן זיין שטערן־ביין.

ו

שאול ליגט ארויף זיינע הענט אויף דודס געלאָקטן קאָפּ,
פֿאָטערלעך ער דריקט אים צו זיין ברוסט:
זיי געבענטשט מיין זון, פֿאַרטיליק דעם פֿאַרצוקנדיקן ראָב.
אין דודס האַרץ זינגט די פֿרייד,
ברענט נקמה־לוסט.

שאולס אויגן טרויעריק פֿייכטן:
זאָל אַ פֿייער־וואָלקן דיך שיצן,
דיינע טריט זאָלן גרינגערן,
דורך דיין האַנט נצחון זאָל אויפֿלויכטן.
זאָל גאָט שפּאַנען פֿאַר דיר מיט בלענדנדיקע בליצן.

דוד שפּאַנט געשווינד.
אזוי יאָגט איבער היגלען דער אינד.
פֿון גליתן זעצט גרימצאָרנדיקע פּאַרע,
זיין אָנגעצונדן פּנים קוילן־זשאַרע:
דו פֿליגל־קליין.
מיט אַ שטעקן, מיט אַ וואַרף־שטיין
ווילסטו מיט מיר אין געראַנגל גיין.
טרעט צוריק, איך בין אַ קריגסמאַן
און נישט קיין הונט.
וואָס שפּרינגסטו אַקעגן מיר ווי אַן אינד?
וואָס טרעטסטו אַקעגן מיר מיט אַ שטעקן,
מיט אַ וואַרף־שטיין?
איך וועל אָראָפּציען פֿון דיר דיין הויט,
דיין פֿריש, צאַפּלדיקן בלוט
וועל איך אַריינטריפֿן אין קרבן־בעקן.
דוד שפּאַנט גרינג און פֿלינק:
אָ, דו אַריינדרינגער אין לאַנד פֿון אונדזערע אָבות.
פֿאַרדאַרבער פֿון אונדזערע פֿעלדער און וויינגערטנער.

פֿאַרוּיִם מיר, שפּאַנט דער אַלמעכטיקער גאָט פֿון ישׂראל.
ווערסט צו דיין רויבער־לאַנד מערנישט ציען אין העלדן־רום.
ווערסט פֿאַלן פֿון מיין האַנט, ווי אונטער אַ קראַכנדיקע שטורעם־וואַנט.
דערשטיקט וועט ווערן דיין לעסטערנדיקער־ברום!
איך בין אַ פּאַסטוך אין בית־לחם טאָל.
מיין ליב געזאַנג ביים זון־אויפֿשיין
אין די גילדערנע פֿרימאָרגנס,
מיין בעטנדיק ליד אין די פֿלאַמיקע פֿאַרנאַכטן.
גאָטס לעבנדיקער אָטעם אין דער טויאיק־פֿרישער
בלעטער־שאָל.
דאָס לויפֿנדיקע, מורמלענדיקע וואַסער
אויפֿן באַרג־רוקן — לויטערנדיקער קרישטאָל.
אויף מיין גראָזן־וויגל,
הינטער זילבערנעם לבנה־שפּיגל,
בין איך אַ תּהילים־זינגער.
אין בלינדע נעכט, רוישנדיקע, ווינטיקע פֿליגל
וועקן אין מיר דאָס קריגס געזאַנג
קעגן דיר באַצווינגער:
איך טרעט אַרויס קעגן דיר גלית
פֿאַר מיין תּהילים־געזאַנג אויסגעגאָסן
אין לויטערע אינדערפֿריען אויפֿן שטילן גרינעם היגל.
מיינע הענט — גאָטס נקמהדיקער זיגל.
איבער דיין קאָפּ מערדער
שאָטנט דער פּיקנדיקער שפּאַרבער.
דיין מעכטיקער, באַפּאַנצערטער קערפּער
וועט זינקען אין זאַמד, ווי אַן אוועקגעשליידערטער ציגל.
דיינע יונגפֿרויען וועסטו מערנישט ברענגען
קיין זאַק־רויב פֿון ישׂראל:
איידל־געוועבן, פּורפּור־געוואַנטן
און פֿאַרביקע, גילדערנע בשׂמים־קרוגן.
איך וועל נקמה נעמען פֿאַר די געפֿאַלענע קריגער פֿון אפֿרים ומנשה,
איך דער פּאַסטוך־יונג פֿון בית־לחם, דער זון פֿון ישי.

דוד צילט, ווינטיקער־רויש אין דער לופט.
שאַרף־געצילטער שטיין עקבערט זיך אריין
אין גלית ברייטן, באוואַקסענעם שטערן־ביין.
אַ פאַרטויבטער, אַ באַגאַסענער מיט בלוט
פאַלט ער אין הייסן, זאַמדן־שיכט.
דודס אויגן צינדן זיך אין פלאַמיקן ליכט.
גלית געשאַרפטע שווערד בליצט אין זיין האַנט.
דעם ריזס קערפּער צאַפּלט אויף,
דוד דריקט אויף אים זיין פוס אַרויף,
דעם אָפּגעהאַקטן, טריפנדיקן קאָפּ
שליידערט ער אין טאָל אַראָפּ.
די בני ישראל אין פריידיקן נצחון־געשריי
יאָגן נאָך די אַנטלויפנדיקע פלשתים.
זיי האַקן אָפּ דעם וועג פון אַנטרינען.
אין ליים־גריבער, אין פינצטערע היילן
די מעכטיקע קצינים פון אשכלון און גת
דעם טויט געפינען —

ז

דורך דעם געוועלבטן נצחון־טויער
שאול און דוד רייטן אין דער שטאָט אריין.
אויף זייערע קעפּ אַרויפגעטורעמט בלומען־קרוינען.
פיל־פּאָלק אויף די דעכער פריידיק וויינען.
יובל־געשאַל אויף דער שוץ־מויער.
די טאַצן קלינגען.
יונגפרויען אין ווייסן טאַנצן,
טריאומף־לידער זיי זינגען.
פאָרויס שפּאַנט אַ זינגער,
די לענדן מיט אַ פאַרביקן בלומען־שנור אַרומגעגאַרטלט.
זיינע געזאַנגען מאָלן די שרעקן פון קריג,
דאָס גליק פון זיג.
דאָס וואָרט איז אָרעם, און שטום
צו באַזינגען דודס און שאולס רום.
שאול הויך און שטאַרק, ווי אַ צעדער.
אין שיין געשטאַלט, אין העלדנמוט
דוד זיין גבור־ברודער.

געבויגענע, פאַרשעמטע וואַקלען זיך די געפאַנגענע
פלשתים־אַלפים.
די יידישע קריגער טראָגן זאַק־רויב:
זייערע צעבראָכענע תרפים,
דאָס העסלעכע אָפּגאָט־בילד דגון.
איבער זיי קרייזט אַ ווייסע טירקלטויב.
די פנימער פאַרגרויט פון הייסן מדבר־שטויב.
דער פאַרנאַכט שאָטנט אויף מענטשן, אויף דעכער.
ווינטלדיקער בוים — אַן אָפּענער, קילנדיקער פעכער.
פאַרקלערטער הימל — אַ בלויער־קרישטאָלענער בעכער —

שאולס פנים צאָרנדיק־פאַרכמורעט.
דאָס פאָלק — אַ צערוישטער וואַלד,
דאָס פרייד־געשריי העכער, שטאַרקער שאַלט:
דוד און שאול גבורים צוויי,
פאַרטיליקן דעם שונאס געפאַנצערטע ריי.
שאול אין די טויזנטער שלאָגט.
דוד די צענער טויזנטער פאַרצוקט . . .
שאולס פנים צאָרנדיק, פינצטערט:
בן־ישי, דאָס פאָלק טאַנצט פריידיק אַרום דיר —
אַ צעוווינטיקטער, זינגענדיקער טייך.
עס פעלט דיר בלויז דאָס קיניגרייך!
די בלומען־קרוין אויף דודס קאָפּ נעלט און דאַרט.
ער האָט נאָך העלדישקייט און רום געגאַרט.
דעם קעניגס אויגן מיט שנאה פאַרצונדן.
די ליכטיקע גנאָד פאַרלאָשן, פאַרשוואונדן.
דוד דערפילט דעם ברענענדיקן ווייטיק
פון שפּיזן־שטאָך, פון שווערדן־שניט,
טרערנדיקער טרויער זיין פנים בריט.
די שרעק ער פאַרשטיקט, די פאַרשעמטקייט ער באַהאַלט.
אונטער אים די ערד זיך שפּאַלט . . .
דוד גענענט צום קעניגס הויז.

מיט וואסער, זאַלץ און ברויט שאולס טאָכטער
לויפט קעגן אים אַרויס:
זיי געבענטשט געבענטשטער פון גאָט.
דיינע פיינט האָט ער געמאַכט היינט צושפּאָט!
שאול שנאַהדיק שוימט:
טאָכטער, דאָס איז דער פּאַסטוך־יונג פון בית־לחם,
אַ פּראָסטן שטיין־שלײַדערער רימט דער ווילדער המון פאַר זיין זיגער־העלד.
בן־ישי, וויפיל אייזל־שפּאַן איז ביז צו דיין פּאַסטוך־געצעלט?
די נאַכט נידערט, נויג דיין טראָט אַהיים,
זאָלן די פרידלעכע שטערן דיך פירן צו דיין פּאָטערס שוועל.
די לבנה גייט אויף אַצינד אין הימל־טאָל ליכטיק, העל.

דודס אויגן — אַ טרערן־קוואַל.
צום קעניגס פיס ער טוט בעטנדיק אַ פאַל:
מיין קעניג, פאַר מיין באַשערטער, פאַרן געטרייען פּאָלק
פאַרשעם מיך נישט! גאָט האָט נאָך דיין האַנט
אַזאַ גרויסע הילף היינט געשיקט.
די שונאים האָסטו היינט פאַרצוקט.
איך בין דער קלענצטער פון ישראל,
אַ זשומענדיקע, שוואַכע פליג.
פאַרוואָס זאָלסטו געזאַלבטער קעניג פאַרשטערן
דיין פרייד, אין טאָג פון דיין זיג?
דודס פּנים ערלעך, יינגליש־צאַרט.
שאולס אַקסלען שטאַרק און הויך.
זיין קול ציטערט טרויעריק, ווייך:
אָ, דוד דאָס ביסטו מיין געגאַרטער זון,
טרעט אַרויס צום פּאָלק,
דעם נצחון־פּאַקל צינד אָן!
פאַרפרי, מיטן מאָרגן־בלוי,
ריכט דיינע טריט צו די פּיטער־פליינען.
דאָס פאַרלאָזענע פיך דערשראָקן פון שאַקאַל־געוויינען.

קער זיך אום, פיטער דיין פּאַטערס שאָף און רינד.
זינג דיין ליבנליד אין גראָזן־טוי,
ריכט דיינע טריט אַהיים, פאַרפרי, מיטן מאָרגן בלוי — — — —

דער בלענדנדיקער מאָרגנשטערן גליט.
דוד קיין בית־לחם ציט.
טרויעריק שטויבן די אייזל־טריט.
שרעק און צאָרן דאָס האַרץ בריט:
איך האָב געגאַרט צו זיין
דער שמידער פון שטאַרקע הענט און הערצער.
ישראל זאָל זיין איינים פון דן ביז באר שבע.
די קנאה גריזשעט שאַרף און צייניק.
דער קעניג צווינגט מיך צו וואָגל.
אָנגעגאָסן מיט פּיין און געוויין איז דער טרערן־לאָגל.
דער קעניג לאָקערט אויף מיין לעבן,
ער וויל ווי אַ וואָרעם מיך צעטרעטן.
גאָט צו דיר אַליין איך טו בעטן,
צו דיר אַליין פון די טיפן איך טו רופן:
דו ביסט מיין הילף, מיין שטאַרקייט און מיין גלויבן.
הויב מיך אויף פון די שטויבן!
מיינע פיינט שטראָפן, זאָלסטו שטראָפן.
אייביק וועט מיין בענקענדיקע זעל דיך לויבן.

דער בלענדנדיקער מאָרגנשטערן גליט.
דוד קיין בית־לחם ציט — — —

## הגר

די זון — אַ פייער־ראָד.
אַרום קיין אויסשפּרייט פון גרינענדיק גראָז.
דער הימל רויכיק, געדיכט.
די כוואַליעס גליען די טריט.
הגר זינקט אין מדבר־זאַמד,
דאָס קראַנקע יינגל אויף איר איינגעמידטער האַנט.
זי קושט זיין גליאיק־אָנגעצונדן געזיכט.
די טרערן פאַרטונקלען דאָס פייערדיק ליכט.
די דינסטווייב הגר בלאָנדזשעט אין מדבר־זאַמד,
אירע פיס בלוטיקן, אויסגעטריקנט די קעל.
זי פאַלט אויף אַן אויפגעבערגלטע שוועל.
עס שליידערט דעם יינגל די גראָע זאַמדן־וועל.
הגר באַהאַלט איר קאָפּ אין אַ שטיין־שפּאַלט,
נישט צוצוזען, ווי עס רינט דאָס חיות אויס פון איר קינד.
דעם האַרס געשאַנק — דעם גילדערנעם אָרעם־באַנד
זי צעברעכט אין איר האַנט.
און אַלץ וואָס מיט איר האָט געטראָפן,
פון זינט זי איז אַריין און אַרויס
פון אברהם'ס הויז — אין איר אומגליק דערמאַנט:
פאַרנאַכט, רויט־אָנגעצונדן דער מערב־ראַנד.
זי טראָגט דעם וואַסער־קרוג אויפן קאָפּ.
זי נידערט אין טאָל, צו די געצעלטן אַראָפּ.
דער שפּאַרבער פאָכעט מיט די פליגל.
אברהם קוקט פון גרינעם בערגל.
אין זיינע אויגן ברענט די לוסט.
פאַרשעמט זי רוקט אַרויף דעם גרינעם בלאַט
אויף אירע בריסט.
אברהם גייט איר אַקעגן און ווייך און צאַרט ער זאָגט:
אין חלום, אין וואַך די ליבשאַפט מיך פּלאָגט.
גיי אַריין אין מיין געצעלט, מיין ליב נאָך דיר גלוסט.

עס קילט דער פֿאַרנאַכט.
פֿון באַרג שפּיץ קייקלט זיך אַ שטיין אין מויל פֿון אָפּגרונט און קראַכט.
זי גייט אַריין אין אברהם׳ס געצעלט:
די קרוג אויפֿן קאָפּ, דאָס פּנים פֿאַרשטעלט.
זי שטעלט זיך פֿאַר אַברהמען, איר מויל איז פֿול מיט געבעט:
מיין האַר און געביטער,
דיין פֿאַרלאַנג מיין ליב פֿאַרשוועכט.
זיין דיין דינסטווייב — ווייטיקדיקער פֿאַר מיין ליב, ווי געשמיסענע ריטער.
בעסער שפּאַן מיך איין אין מילשטיין, מיין נאַקן צעברעך.
אברהם ביסט גוט און גאָטס פֿאָרכטיק.
דיין גאָט איז דערבאַרעמדיק.
גוטס טאָן די מענטשן
צום גרעסטן, צום קלענצטן
איז דיין גאָטס געבאָט.
בעט איך דיך, לאָז מיך צו מיין געלעגער גיין.
איך בין אַן אָנגעליטענע שקלאַפֿין.
איך בין יונג און קליין.
עס בענקט מיין האַרץ נאָך דעם יונגן שקלאַף —
דעם כנעני מיטן געלאָקטן קאָפּ,
ברענענדיקע אויגן און בלאַנקע ציין.
שרה איז געצערטלט און שיין
אויפֿן בעט פֿון העלפֿאַנט־ביין.
זי שמירט זיך מיט בשׂמים־זאַלבן.
עס זינגען באַ איר צוקאָפּנס זינג־פֿייגל.
עס טוליען זיך צו איר בעט די שוואַלבן.
און — איך הגר, בין דיין דינסטמויד.
האַרט און צעפּלאַצט פֿון זון און פֿראַצע מיין הויט.
לאָמיך גיין צו דעם יונג וואָס מיין האַרץ גלוסט.
ער וואַרט דאָרט אויפֿן פֿראָסטן פֿעל־געבעט אַליין.
לאָמיך קומען צו אים גאַנץ און ריין.
מיין האַר, זאָגסט דיין גאָט איז דערבאַרעמדיק און גוט.
באַצווינג מיך נישט מיט דיין תאווה־בלוט.

און — אברהם הויבט אָן זי איבערצורעדן און זאָגט אַזוי:
הגר, עס איז פון גאָט צו מיר דער ליכטיקער געבאָט,
אַז דו מיין דינסט זאָלסט לייטזעליקן אין מיינע אויגן.
דו זאָלסט ווערן אויף מיין עלטער די גלוסטונג פון מיין בלוט.
אין ליבשאַפט געהייליקט צו דיר מיין לוסט.
לאָז רוען מיין גרויענדיקן קאָפּ צווישן דיינע בריסט.
פון דיין טראַכט וועט מיין גאָט קינדער מיר באַשערן,
דיינע קינדער וועלן שטאַרק זיין, געוועלטיקן און זיך מערן.
איך בין אַלט־געפּרואווט, מיין לייב אין די נעכט דיך רופט.
איך בין אַ שטאַרקער מאַן,
לאָז נישט אויסטריקענען מיין זאָמען,
פאַרדאַרבן מיין שטאַם.
דיין זון וועט זיין מיין יורש,
אַ צעצווייגטער בוים פון זיין שורש.
ער וועט געוועלטיקן אויף יבשה און ים.
זע, איך שפּרייט אוים אונטער דיר מיין פּורפּור־קלייד,
איך טו אָן אויף דיר דעם גאָלדענעם אָרעם־באַנד,
באַזעצט מיט איידלשטיינער פון אופיר־לאַנד.
דו וועסט נישט זיין מיין קעפּסווייב,
נייערט מיין געצערטלט קינד.
מיין לייב אין ליבשאַפט שטענדיק מיט דיין לייב פאַרשפּינט.

אברהם'ס פּאָטערלעכע רייד רעדן זי איבער,
גיסן אָן פריידנלוסט אין אירע גלידער.
אין יענער נאַכט זי ווערט אָנגעברייט
צו זיין אברהם'ס ווייב.
אברהם רוט אין איר שויס.
זי גלוסט צו אים, ער איז שטאַרק, צאַרט און גרויס.
זי וועט בויען מיט אירע קינדער אברהם'ס הויז —

און — גאָט האָט געעפנט איר טראַכט.
און שרה האָט אָנגערעדט און פון איר שפּאָט געמאַכט.
ביז אברהם האָט זי מיט איר זון פון הויז פאַרטריבן.
זי בלאָנדזשעט אין מדבר, עס פּייניקט זיי דער הונגער און דער דאָרשט.
אברהם איר מאַן און פאָטער האָט פאַר זיי דעם שרעקלעכן טויט אויסגעקליבן.
זי הויבט אויף די אויסגעדאַרטע, מידע האַנט אין צאָרן:
אָ, אברהם, דיין גוטער גאָט וועט מיין זון געבן כח,
ער וועט מיט דער שווערד דעם וועג דיר פאַרשפּאַרן.
זי שטאַרקט זיך און שטעלט זיך אויף:
זי דערפילט גראָזן־דופט.
עס פייכט אַרום איר די לופט.
עס בלעזלט אַ קילער קוואַל.
איר קול אין מדבר שאַלט.
מיט דאָרשטיקע ליפּן צום קלאָרן וואַסער זי פאַלט.
זי פּילט אָן דעם וואַסער־לאָגל,
און קילט הינטער אים דעם זאַמדן־ציגל:
ישמעאל מיין זון טרינק, וועסט שטאַרק און גרויס ווערן.
ריר אָן די שאַרף פון דער שווערד,
דיין פאָטער אברהם זאָלסטו פאַרטרייבן פון דער ערד.
מיר וועלן זיך באַזעצן אין מדבר־זאַמד.
אַלץ־אַרום וואו דיין אויג גרייכט וועט זיין דיין לאַנד.

הגר נעמט ישמעאלן ווידער אויף דער האַנט,
צום גראָזן־לאַנד זי שפּאַנט.

## יעקב באַגעגנט רחלן.

א

רחל פירט די טשערעדע פון פעלד.
דער פאַרביקער רעגנבויגן אויפגעהעלט.
אין איר דינעם שטייפן גוף
יונגע, קוועלנדיקע לוסט.
ציטערדיק בערגלען זיך אירע שטייפע בריסט.
אונטערן רויטן פאָרהאַנג זעצט זיך דער טאָג.
עס טרערט דער גרינער, פייכטער קוסט.
אין דער שטילקייט שפרייט זיך דער שאַקאַלן־קלאָג.
אַ פאַסטוך־יונג שיסט פיילן אין אַ פאָכענדיקן אָדלער.
פון פעלזן־שפּאַלט דאָס וואַסער גיסט.
אָט דער בראָנדזענער יונג פון דער בערגיקער־וויסט,
האָט איר שוין געבראַכט: אַן ערשט ציגעלע,
אַ בינטל ווייסע וואָל און אַ געוועבטע, פורפור־שאַל.
ער האָט געקניט פאַר איר אינמיטן פעלד,
זיין קול היים, לאַשטשענדיק האָט געבעטן:
רחל, שענצטע צווישן טעכטער,
צו מיר געהערן דאָ אַלע גראָזיקע ערטער.
זיי מיין אויסדערוויילט ווייב,
פון דיין רייצנדיק בלוט — דיינע קינדער,
ווי מדבר־שטויב.
רחל האָט אים אָפּגעשטויסן.
לאָקערט ער נאָך אירע טריט אינדרויסן.

ב

פון אַ דורכגייער, אַ בעטלער זי ווייסט,
וואָס עס האָט געטראָפן באַ דער מומע רבקהן אין הויז.
עשו איז האָריק, גראָב און גרויס.
אַלע פּאַרשייטע, פרעמדע יונגפרויען ליגן אין זיין שויס.
עשו טאָרנישט זיין דער בכור,
טאָרנישט זיין איבער דער משפחה דער עלצטער־האַר.
זי ווייסט יעקב איז איידל און הויך.
בלייכע, יינגלישע באַקן און אַ שטאַרקער נאַקן.
זיינע אויגן שטיל־פאַרליבטע,
פון פּאַרשייטע יונגפרויען נישט־באַרירטע.

רחל פאַרבענקט צו דער ווילדערניש קוקט אַרויס.
שוין דער אַכטער טאָג, דער ערשטער שטערן איז שוין ווידער אַרויס,
און יעקבן זעט מען נישט, וואו איז ער אויס?
אפשר בלאָנדזשעט ער צווישן חיות רעות אין דער וויסט?
אפשר גאָר עשו מיט פיילן אויף אים שיסט?

ג

אויפן שיידוועג בענטשן די זיידעס
די צונויפגעטוליעטע, ווימלענדיקע סטאַדעס.
רחל הויבט די אויגן אויף:
אַ פאַרשטויבטער וואַנדערער שפּאַנט באַרג־אַרויף.
עמעצער ווייזט אים אויף אירע געלאָקטע האָר.
רחל צאַפּלט. וואָר, עס איז יעקב איר באַשערטער.
דער וואַנדערער טרעט צו איר אַלץ נענטער.
עס זינגען אין איר די יונגע, מיידלישע יאָר.
די לבנה שווימט אָן אויפן הימל.
עס שמעקט פון יעקבן מיט מדבר, זומפּ
און גראָזיקן שימל.
עס פינקלט אויף אַ טרער אויף רחלס דינע, לאַנגע וויעס.
פאַרליבטע שעמעוודיקייט רויטלט אירע באַקן.
אין אויסגעבענקטן בליק צויבערט די גאַרנדיקע צניעות.

באַגערנדיק דער פּאַסטוך־יונג יעקב,
אין זיין צאַרטער, איידעלער האַנט
אָנגעשפּאַנט דער צווייגן־שטעקן.
יעקב נעמט זי אַרום, רחל טוליעט זיך אין אים איין.
זיינע הייסע, צעפּלאַצטע ליפּן ברענען אין זיסן ווייטיק אויף איר מויל.
איר יונגער גוף שוועבט צו דער אויסגעבענקטער, פֿאַרשכורנדיקער־רו.
די לבנה איז פֿול און ריין, אויפֿן שליאַך ציטערן־אויף זילבערנע פֿלעקן.

ד

רחל פֿירט יעקבן צו איר פֿאָטערס הויז.
עס מעקען ציג און בעק,
נאָגנדיקער מרוקען פֿון טשערעדעס אויפֿן וועג.
אַלע גייען מיט, אַלע לויפֿן פֿון די שטיבער אַרויס.
היים און פֿייכט איז רחלס מויל.
רחל וועט זיין, זיין געליבטע ווייב —
אַ טרייסט נאָך דער מאַמען.
קיינער וועט זיין ליבשאַפֿט צו איר נישט פֿאַרצאַמען.
אין נע ונד, אין פּיין — זיין וועט זי די טרייסט
איבער היים־צעברויזטע מדבר־ימען.

אַט אויף אַט דעם פֿעלד
וועט ער אויפֿשלאָגן זיין געצעלט.
אים וועט זיין דאָ גוט,
אים וועט זיין דאָ מיט רחלען וואויל — — — —

## אליהוס געבעט

א

עס בלענדט דער הימל־ראַנד.
די זון שטעלט ברענענדיקע טריט
אין אָנגעצונדענעם מדבר־זאַמד.
אין דער וויסט, אין דער לער
איינגעמידט און דורשטיק אליהו שפּאַנט.

כוואַליען די זאַמדיקע ווייטן.
רויט, צעוואונדיקט זיין לייב.
טרוקענע הימלען פאַרשלאָסן אין אַלע פיר זייטן.
איינגעמידט, דורשטיק בײַ אַ זאַמדן־באַרג
אליהו בלייבט שטיין.
זיינע טריט זינקען.
ער הויבט אויף זיין קול
אין טיף געוויין, אין מאָנענדיק געבעט:
גאָט, וואַרף דיינע בליצנדיקע פונקען.
אויף רעגן־וואָלקן רייט.
דעם גאַנצן מדבר־בעקן מיט וואַסער פאַרשפּרייט.
שפּראָץ אַרויס דאָס שאָרכענדיקע גראָז,
ווינטל איבער מיר מיט פעכערדיקן בלאַט,
וואַסער קלאָר און ריין,
שלאָג אַרויס פון מאָכיקן שטיין.
אין דיין האַנט
מיין גוף און מיין זעל,
קילער קוואַל קוועל!

ב

פרידן־נאכט נעמט פאלן.
אנטפלעקט ווערן
פארהוילענע, קלארע קוואלן.
אויפגעפראלט ווארט פעלדזן־שטיין.
בלויער זייל שטראלט אין אפענער הייל.
א קול רופט, טרייסט און שטראפט.
אליהו גאפט:
א גאט צינד אן אלע דיינע גרויסע שטערן.
רעד צו מיר, געביט מיר,
איך וועל טאן, איך וועל הערן.

## ר׳ בונעם דער אַרענדאַר

א

דעם יינגלס באַקן פלאַמיק, הייס.
פון יינגל גיסט זיך טייכן־שוויס.
אויפן שויב פינקלט דאָס זילבערנע ריטל.
עס פלעקט דאָס בלוט דורכן טאַטנס היטל.

דאָס קינד איז מסוכן־קראַנק.
די נאַכט איז ווייס און לאַנג.
דער טאַטע וויינט באַ זיין בעטל,
ער שרייבט פון זיין צער דעם בעש״ט אַ קוויטל:
ליכטיקער בעש״ט, מיין קינד, מיין יאָסעלע איז שלאַף.
עס איז נישט סתם קיין טראַף.
איך בין ווי דער פויער — ביים פריץ אַ שקלאַף
ער שפּעט פון מיר ווי פון אַן אַף.
גאָטס חסד רוט דאָך אויף יעדער אָרעמער באַשעפעניש.
נאָר דאָ גרוילט דאָס טעגלעכע טרעפעניש.
זאָל גאָט זיך דערבאַרעמען, זיין צאָרן זאָל פאַלן אויפן מערדערלעכן גראַף.
דער פויער איז דאָך אויך גאָטס געשטאַלט,
פאַרוואָסזשע צעקוועטשט מען מענטשלעך לייב צווישן שטיינער־שפּאַלט?
געשמיסענע פויערים — מרי לב, זיינען נעבעך געוואָרן גזלנים.
קאַטעוועט דער פריץ יעדן טאָג זייערע ווייבער מיט די בנים.
פון זייער יעמערלעך גוואַלד
אַנטלויפן אַלע חיות אין וואַלד.
נעכטן האָבן די זעלבע, פאַרביטערטע לייט
אַ נעץ אויסגעשפּרייט.
געכאַפּט דעם גראַפס אַ פּאָר געפאַנצערטע היטער.
אָנגעצונדן אַ טייל פון זיינע גיטער.
פאַרנאַכט איז מיין יאָסעלע פון חדר געגאַנגען אַהיים,
און פאַרבלאָנדזשעט צו די גריבער פון ווייסליים.
דער פריץ האָט געקייכט פון געלעכטער:
דאָס יינגל איז געקומען אין דער רעכטער צייט.
יידישע גנבים, רייצט אַן אַ טשאַטע כלבים.
עס וועט זיין אַ שפּאַס, גיט אַ גלעזל די ליפּן צו מאַכן נאַס.

א צעשלאָגענער פויער האָט אים געבראַכט אַהיים,
שפּעט באַנאַכט, אין געהיים.
אַזוי ליגט ער אין היץ אַ פאַרטראָגענער.
איך בין פון אומגליק אַ דערשלאָגענער.
דער בורא עולם איז אומעטום דאָ.
נאָר פאַר מיר איז די הילף נאָכנישטאָ.
דער פריץ לאָזט אין דאָרף קיין ייד נישט אַריין, נישט אַרויס.
איך בין אַ געפאַנגענער אין מיין אייגן הויז.
האַרציקער בעש"ט, אוהב ישראל,
זאָל גרייכן מיין וויינעשריי פון יאָמערטאָל.
עפענען זאָלן זיך פאַר מיין תפילה די טויערן פון רחמים.
נפשי קשורה בנפשו — איין גוף און איין זעל.
זאָל גאָטס גענאָד אויפגיין טרייסטנדיק, העל.

דער טאַטע וואַרט אויף אַ נס.
עס איז שוין באַלד פאַרביי אַ מעת־לעת.
און די טויערן פון רחמים זיינען פאַרשלאָסן.
דעם יינגלס אויגן זיינען פיבערדיק, פאַרגאָסן.

ב

דער בעש"ט אין קרירהדיקן דרויסן איז מחדש די לבנה.
אַן עדה יידן פאַרדבקטע מורמלען אין שטילער בונה.
זיין פּנים פלאַקערט — אַ לפּיד אש,
נישט קיין בן אדם, נישט פון בלוט און פלייש.
דאָס צעבראָכן געמיט קרעכצט,
זיין האַרץ נאָך דער גאולה לעכצט.
פּלוצלינג בלייבט ער שטיין שטיל און הערט זיך איין.
ער האָט דעם טאַטנס קרעכץ דערהערט.
זיין ליכטיקע צורה וויטיקדיק, פאַראומערט.
ער שטייט פאַרגליווערט, פאַרקלערט.
זיין אויג טונקלט, טרערט:
ר' בונעם דער אַרענדאַר איז שרוי בצער.
זאָל מען באַלד שפּאַנען די פערד.
עס איז דעם יינגל זיינעם לאַנג לעבן באַשערט.

ר׳ בונעם האָט דאָס קוויטל געשריבן מיט ריינע טרערן זיבן.
כביכול אַליין האָט מיט זיין האַנט זיי אויפגעקליבן.
אין זיינע ווערטער דער פּיין פון דורות
טענהן, קלאָגן קעגן פינצטערן גלות.

אין שטומען געשריי פון זיינע יסורים
שרייען שטום און געליטערט אַלע אונדזערע ענויים.
אַלע הימלען זיינען אויפגעריגלט.
דער גלויביקער זכות איז אויף אייביק פאַרזיגלט.

נ

דער בעש״ט אָנגעטאָן אין פויערישע קליידער,
קלאַפּט דעם אָנטרייבער אין פּלייצע:
פאַרטרייב די מרה שחורות ברודער.
פאַר די ווילדע קולות דערשרעק זיך נישט אַצינדער.
דעם פּריצס הינט אויף ייד און פויער אָנגערייצט.
דער טראַקט מיט זיין רשעות פאַרפּלייצט.
נאָט הארט לאַנג און צאָלט מיט דין
דעם רשע און דער חיה און דער גיפטיקער שפּין.
אין נע ונד, אין געבוינענער פאַרשעמטקייט,
אומעטום וואו דו ביסט,
מיט לויטערע אויגן גאָטס ליכטיקן טרויער,
זיין טרייסטנדיקע גנאָד געפינסט.
מילדע, ציטערדיקע רייד פון בעש״טס מויל.
פאַרוויגט, איינגעמענדיק זיין קול.
די פור יאָגט שווינדלדיק, גיך.
די שטערן גליען אויף דער שנייאיקער ציך.
באַ דער פאַרשלאָסענער בריק, דער הילצערנער שלאַג
הויבט אַליין זיך אויף.
באַ די שומרים צוגעליט דער טראָט,
קענען נישט רירן פון אָרט.
זיי גלאָצן צום באַוואַכטן טורעם־שפּיץ ארויף.
אַן אָנגעגליטע שטאַנג שפּיצט צום הימל.
אַרום פּריצס פּאַלאַץ פּחד און בהלהדיק געזעמל.

עס רוישט אין דער לופט א פייערדיקער וואָגן.
שנייען ווינטיקן, די פערד
צווישן פלאַקערדיקע וואָלקנס זיך טראָגן,
מיט זיילן רויך זיי שלאָגן.
פאַרן פריצס אויגן א פינצטערניש, ווי ער זאָל קוקן אין א זאַק.
דער פריץ וואַקלט, ווי געטראָפן פון א בליץ,
פאַלט אַנידער אין בראַנדיקער היץ.
אין זיין מאַרך גליט א שפּיזן־פינגער.
די הינט מיט אַרויסגעשטעקטע, סלינענדיקע צינגער
לעקן זיינע באַטשוועקעטע שיך — — —

צוויי פּויערים קלאַפּן אָן בא ר׳ בונעם דעם אַרענדאַר:
היי, מאַך אויף ייד דו נאַר,
מיר ווילן זיך אָנוואַרעמען ביים טליענדיקן זשאַר.
די בונעמעכע איינגעהויקערט, פּאַרטוליעט אין דער אויסגעריבענער שאַל,
מאַכט אויף די טיר.
די פּויערים טוען די הענט אַצעפּיר, הייסן זיך דערלאַנגען
א הערינג, שוואַרצע ברויט, בראָנפן און ביר.
די בונעמעכע שוידערט פון קעלט, עס פאַלט איר פון די הענט.
דאָס פאַרקלעמטע האַרץ כליפּעט תפילהדיק צווישן די פאַרחושכטע ווענט.
עס קלאַפּט איר א צאָן אין א צאָן.
אין אויוון סיקעט דער נאַסער שפּאָן.
די פּויערים קענען זיך אויף איר טרונק נישט דערהאַרן.
הויבן אָן מיט די באַטשוועקעטע פּאָדעשוועס צו שאַרן.
ביז איינער שטעלט זיך אויף, נייגט צו דאָס אויער
און זאָגט: לויב דעם ליבן נאָמען,
נאָר בראָנפן דערלאַנג צו באַנעצן דעם גומען.
איך בין א פּראָסטער פּויער.
מיין געמיט איז ביטער און זויער.
דער צווייטער שטייט אויף, האַרכט
און זאָגט: פּאָטער דערבאַרעמדיקער,
אין אַלקערל עמעצער שאָרכט.

יידענע, נישט פאַרכט.
איך הער אַ קינד רעדט אין היץ פון וועג — — —
פון דער מאַמעס אויגן טוען די טרערן זיך אַ גאָס,
באַנעצן דאָס בראָנפן־גלאָז:
מיין איינציק קינד איז חרוב־קראַנק.
עס איז אים געקומען פון אַ דערשרעק.
ער שרפהט אין פייער, מען הערט
פון זיין מויל נישט קיין קלאַנג.

גייען די פויערים אין אַלקערל אַריין.
ביים יינגלס בעטל זיי בלייבן שטיין.
איינער בייגט זיך איבערן יינגל אַריבער:
אַזוי מאַטערט דער פריץ די קינדער פון די אָרעמע שטיבער.
ייד, גיב אים איין מיין רפואה פון ביטערע קרייטעכער.
לייג אים צו צום קאָפּ קאַלטע טיכער.
איצטער, צו דערקוויקן אַ פּאָר טראָפּנס פון מיין וויין.
מאָרגן וועט ער קענען פון בעט אויפשטיין.

ר׳ בונעמס קרעכצן שטיקער האַרץ רייסט אויס.
דער צווייטער פויער נעמט דאָס קינד אויף זיין שויס.
ר׳ בונעם טוט וואָס דער באַוואָקסענער פויער הייסט.
ער איז אַ גוטער שליח — דאָס האַרץ פילט, דאָס האַרץ ווייסט.
ער ברענגט מיט זיך די היילנדיקע טרייסט —
כהרף, ר׳ בונעמען דאַכט זיך, דאָס פּנים פון פויער ברענט ווי אַ שרף.
די טיר טוט אַ סקריפּ,
דאָס יינגל כאַפּט זיך אויף מיט אַ פּיעשטשענדיקן כליפּ:
טאַטע, ווער האָט געשטראַלט מיט אַזאַ וואַרעמער שיין?
עס שמעקט אַזוי מחיהדיק־זיס דער וויין —

ה

די פויערים זיינען שוין אויף יענער זייט.
לבנהדיק־אויג שמייכלט מיט זילבערנער פרייד.
ביילע, געלויבט איז דער בורא !
אונדזער קינד האָט אויפגעלעבט.
אַזאַ פריש ווינטל אין שטוב שוועבט.
אַזאַ ריח חיים אין דעם טראָפּן וויין.
זע נאָר דער דרויסן אַזוי לבנהדיק, שיין.
ביילע, האָסטו מיט די אייגענע אויגן געזען
ווער עס זיינען די פויערים געווען ?
בונעם, איך ווייס נישט,
זיי זיינען אַריין אומגעריכט.
ביים טיר אַ בלויער וואָלקן איז געהאָנגען געדיכט.
פול איז געוואָרן די שטוב מיט ליכט.
פונעם באַוואָקסענעם פּויער האָט געשיינט דאָס געזיכט.

ר' בונעמס אויגן ווערן זעעוודיק, העל.
ער טוט זיך ביים פענצטער אַ שטעל.
עס ווייטיקט הינטערן היטל דאָס פאַרגליווערטע בלוט.
דאָס האָט דער פּריץ אינדערפרי, אין אַ שפּאַס בלויז,
דערלאַנגט אים מיטן שפּיצרוט —
ער דערמאָנט זיך אין קוויטל,
עס שוועבט פון קופערט אַריין אין זיין האַנט.
ער שטוינט און לענט זיך אָן אין דער וואַנט :
דאָס פּאַפּיר איז ליידיק און ווייס,
בלויז די טרער איז טונקל און הייס.
ער קוקט דורכן פענצטער אין דער פאַרשנייטער ווייט :
פאַרקלעמט ליגט דאָס דערפל אין ווייס־שטאָליקער קייט.
דער אייזיקער וועג אויסגעשאַרפט, בליציק און ברייט.
די שטערן ברענען שטיל און פאַרכטיק.
פאַר די אויגן גוט און ליכטיק.
קלאָר ווערט דאָס פיינלעכע פאַרשטיין :
גאָטס וואונדער אין רחמים טוט אויפגיין.

די ווערטער געווען זיינען בלויז פון צער — דער טייטש.
די פור יאָגט אויפן שליאַך, עס כוואַשטשעט די בייטש.
דער באַוואַקסענער פויער דרייט אוים צום פענצטער דאָס פנים,
און שיינט אויף אין מילדן ליכט, אין ריינעם.
דער וואָגן פאַרשווינדט הינטערן וואַלד,
א ווייסער וואָלקן אים באַהאַלט — — —

ו

ביילע, עס איז געווען דאָ דער וואונדערלעכער מאַן.
איך האָב מורא געהאַט צו זאָגן,
ער האָט געשמייכלט צו מיר פון וואָגן.
איך האָב אים דערקענט באַלד
אין ווייכן קול, אין שטילן שפּאַן.
עס איז געווען דער בעש"ט — זיין ליכטיק געשטאַלט — — —

די מאַמע אין פרייד־געוויין אויף יינגלס בעטל פאַלט:
א דאַנק דיר בורא עולם פאַר איבערענטפערן מיר צוריק
מיין קינד, אין מיין האַנט.
זאָל דער בעש"ט — דער גואל המשיח שוין קומען גיך.
גאָט, דיין נאָמען זאָל געגרויסט און געלויבט זיין פון קאַנט צו קאַנט.
אמן! — זאָגט ר' בונעם, זוכה זאָלן מיר זיין, ער זאָל אונדז פירן אין
הייליקן לאַנד.

## דער אינדיאַנישער עלצטער טאַטואַי.

(באַלאַדע)

א

די בערג שיינען אין שנייאיקע היטלען.
בעריאָזע־ביימער אָנגעטאָן אין ווייסע קיטלען.
אין בליענדיקן טאָל אַ קלאָר טייכל רינט.
אויף די פעטע שעפּסן וואַקסט ווייס און ריין דער ווייכער וואָל.
שטיל און פרידלעך דער טאָג זיך שפּינט.

ווי זעגל שיפלעך — אינדיאַנישע געצעלטן.
דער הויכער, אַלטער וואַלד קילט אין זומערדיקע טעג.
שפּיגלדיק דער ריינער וואַסער־ברעג.
די ביימער פאַרשטעלן ווינטיקע קעלטן.
דער עלצטער טאַטואַי — אַ געטרייער היטער,
צום גאַנצן שבט — אַ גוטער פאָטער,
מיט גוטסקייט ער טוט געוועלטן.

אינדיאַנער זיינען יעגער.
יאָגן זיך נאָך יאַגד
מיט פייל און בויגן און מיט שטיינערנער האַק.
זיי האָבן ליב די טונקעלע וועלדער — ווייט פון טראַקט.
עס טראָגט דער אַלטער באַרג
דעם קלאָרן, בלויען הימל אויף זיין קאַרק.
דער פעלדזן־גאָט באַשיצט דעם שבט.
ליב האָבן איינער דעם צווייטן — טאַטואַיס געבאָט.
ער לערנט דעם שבט:
זיין צופרידן אין געבענטשטן טאָל.
אַרום אונדז קוויקנדיקע קוואַלן.
שטראָמיקע וואַסער־פאַלן.
קיינער וועט אונדז נישט באַפאַלן.

מען דאַרף דעם קריגס־האָרן נישט שאַלן.
און פּייל און בויגן, שאַרפע שפּיז
פאַרן שלאַנגען־קאָפּ, פאַרן גיפטן־ביס,
פאַר דער חיה נאָר, פאַרן בלוטיקן־זיס.

יעדן פרימאָרגן קלעטערט טאַטואַי
אויפן באַרג־שפּיץ אַרויף.
ער פאַלט מיטן פּנים צו דער ערד,
ביים באַרג־גאָט ער שווערט:
קיינמאָל זיין שבט צו מלחמה נישט רייצן,
קיינמאָל אַליין נישט הויבן די האַק, דאָס מעסער־שווערד.
אַזוי איז אונדז גוטס באַשערט, דער טאַטע האָט אַזוי געהייסן.
אין שטילקייט דער פרידן, ווי אַ טייך וועט פליצן.
די אינדיאַנער הערן די תפילה
פרידלעכע, שטילע.
זיכער גייט יעדער אויף פאַנג.
יעדער מיט זיין שפּיז און שטאַנג.

שלוהדיק אַזוי די יאָרן פליסן.
צו פאַרהוילענע ווייטן די וואַסערן גיסן.
שיין, גרין דער טאָל.
אין פרימאָרגנס ציטערט דאָס תפילהדיקע קול.
פון די גליקלעכע, רויט־הויטיקע קינדער.
זייער לעבן — ליכטיקער וואונדער.

ב

אין איינעם אַ פרימאָרגן
טאַטואַי קניט פאַרן באַרג־גאָט.
ער הויבט די אויגן אויף,
קוקט צום הימל אַרויף:
אים דאַכט זיך, ער הערט רודערן,
ווי שוואַר־באַלאָדענע שיפן אויפן וואַסער זיך קאָלערן.
ער קוקט אין דער גרינער־נידער,
צום יאַגד גרייטן זיך די ברידער.

ער דרייט זיך אויס, קוקט פֿאַרויס:
ביים וואַלדיקן, שטילן אינדזל
געפֿאַרבטע שיפֿן שווימען.
מענטשן — קאַלך־פּנימער,
אַנגעטאָן אין אייזנס, אין רימענס.
שרעקלעכע, ווילדע ריזן,
זייערע היטלען בלישטשען,
אין זייערע הענט בליצן שווערדן, שפּיזן . . .
און פֿלינק, געשווינד,
ווי אַן אינד יאָגט טאַטואַי פֿון באַרג.
ער פֿויקט אויף דער פּויק.
אַלע ברידער שטעלן זיך אויס פֿאַר זיין אויג.
טאַטואַי רעדט טרויעריק אַזוי:
דער טאָג איז שיין,
נאָר דער הימל ווערט גרוי . . .
קינדער פֿון מיין שטאַם,
זאָל מען שעכטן אַ פּעטע לאַם.
עס פֿאָרן פֿרעמדע צו אונדזער לאַנד,
אויסגעשמירט מיט קאַלך זייערע געזיכטער.
אין די אויגן גרינט רציחה־ליכט.
פֿאַרבלוטיקטער זאַמד אויף זייערע טריט.
אין זייערע שיפֿן גאָלד־רויב,
זיי דונערן מיט טויטן־שטויב.
איך האָב געזען:
אַ פֿויגל פֿליט אינדערהויך.
דער פֿרעמדער טוט מיט אַ פֿלאָקן אַ פּאָך,
עס דונערט, אין הימל ווערט אַ לאָך.
דער פֿויגל פֿאַלט, עס זעצט פֿון אים אַ רויך.
נעמט־זשע ברידער די כּלי־זין!
מיר וועלן אויפֿן ווייסן טייוול מיט פֿיילן שפּייען.
צוערשט אָבער, לאָמיר אַ פֿרידן־מאַן שיקן.
אפשר זיינען די מענטשן מיד, ווילן נאָר שפּייז און וואַסער
דעם גומען צודערקוויקן.

## ג

ווערן פול מיט שרעק און געבעט, קינדערישע בליקן.
אויסגעפּרואוווטע יעגער נעמען זיך ארום טאַטואַין צונויפּרוקן.
טאַטואַי קלייבט אויס דעם שטאַרקסטן מאַן,
לאָדט אָן אַ שיפל פליש, גיסט אריין וואַסער
אין דער שטיינערנער פאַן.
עס לאָזט זיך דער שליח מיט דער פרידן־מתנה
צו דער באוואָפנטער, ווייסער מחנה אוועק.
דער שליח דערנענטערט זיך צום אינדזל־ברעג,
ער הויבט אויף דאָס פליש, ער טוט די שטיינערנע פאַן אַ שטרעק.
און איידער ער רעדט אויס אַ וואָרט,
טוט אַ דונער, ער פאַלט טויט אויפן אָרט.

טאַטואַי און דער שבט זעען דאָס אַלץ.
פון די טיוואַלישע מיילער רינט דאָס פליישן־שמאַלץ.
טאַטואַי שאַלט אויפן קריגס־האָרן,
ער צינדט אָן דעם שטעכיקן מלחמה־דאָרן,
עס יאָמערט ארויס דאָס נקמה־געשריי,
די בויגנס טוען מיט פיילן אַ שפּיי.
און די ווייסע קאַלך־פּנימער שווימען נענטער.
אָפּגעקערט האָט זיך פון טאַטואַין דער בארג־גאָט — דער רעטער .
עס פאַרטויבן די דונערן העכער, שטאַרקער, מער און מערער.
דער שונא שלאָגט פאַרלענדנדיק, שווער און שווערער.
טויט ליגן שוין אין טאָל די בראַווסטע מענער .
די געצעלטן ברענען — טרוקענע שפּענער.

## ד

בלייבט טאַטואַי איין־אַליין.
ארום אים אַנגסט־געוויין.
ער נעמט די לעצטע כוחות צונויף.
ער יאָגט בארג־ארויף.
ער וועט בעטן דעם בארג־גאָט,
ער זאָל אָפּשטעלן די שחיטה־שטראָף.

דער באַרג־גאָט שטייט, ווי תמיד, פאַרזונקען אין גרינעם שלאָף.
און ווייסט נישט, אַז עס קומט צום פרידלעכן שבט דער סוף.
טאַטואַי שעפּטשעט אַ שטיל, רחמימדיק געבעט,
באַ זיינע פיס ליגט די שפּיז אויף דער באַגראָזטער ערד.
ער שפּאַרט אָן דעם קאָפּ אויפן ווייסן שטיין,
עס פּלאַצט אַרויס זיין בעטנדיק־געוויין.
נאָר דאָ טוט אַ פרעמדער מיט אַ פלאַקן אַ פּאַך.
אַ דונער — אין טאַטואַיס האַרץ דורכגעבויערט אַ לאָך.
טאַטואַי עפנט די אויגן אין צאַנקענדיקן־כּליפּ,
ער מורמלט, דאָס בלוט זעצט, ווי דורך אַ זיפּ:
ווי שיין איז דער פרידן, אָ, גאָט!
דער מענטש מיטן קאַלך־פּנים היט נישט דיין געבאָט!

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

ה

דאָס איז פון פרידלעכן שבט דער ענד.
אַזוי איז דער גליקלעכער שבט געוואָרן פאַרלענדט.
טאַטואַי דער העלד איז נישט טויט.
אויף שיינער, בליענדיקער וועלט,
דער ערשטער, גרויסער טאָג
גייט אויף אין צויבערדיקן־רויט.
אין טאָליקן פעלד,
די געבליבענע פון טאַטואַיס שבט
רוען וועלן אין פרידן־געצעלט — — —

## העלדנטויט

טיטוס הרשע זיצט אויפן טראָן.
ווילד שטורעמט דער פארשכורטער המון.
אָט פירט מען די געפאנגענע קריגסלייט
פון צעשלאָגענעם יהודה.
די העלדישע קריגער, זייערע קעפּ
גלויביק, שטאָלץ אויפגעהויבן.
אין די אויגן ברענט פאראכטונג,
אין די הערצער ברענט מרידה.
זיי טרעטן אויף דער ארענע ארויס.
ווילדער, לוסטיקער המונישער געשריי.
פארצוקנדיקע אויגן פון לייבן, פון טיגערן
פארגאָסן מיט היים־שרפהדיקן בליי.
מיטאָג־זון ברענט אויף זאמדן־פלוין.
אויף דער ארענע, ווי געגאָסענער שטאָל,
שטייט אָן פחד, ווירדיק,
דער לעצטער קנאי יוחנן בר שמואל.
זיידן געהאָפטענע טיכער פאָכען
די הערשנדיקע, שיינע יונגפרויען פון רוים,
בוקן זיך צו טיטוסן, שטרעקן די הענט :
גנעדיקער קיסר :
פארטיליק דאָס מורדים פאָלק.
צעשטויב זיין געביין.
יהודה — אַ פאָלק גאוהדיק, קליין.
זיין פארעקשנט הארץ — קיזלשטיין.
יוחנן בר שמואל שפרינגט אין רינג.
די באוויליקטע שווערד אין זיין האנט קלינגט :
פייער־בראנד אויף דיר בלוטיקע רוים !
אקעגן אים, אויפגעריסן פלאמט אַ לייבן־מויל.
עס ציטערט זיין פארצוקנדיקער ברום,
ווי פון אונטער אַ מדבר־הייל.

פון יוחנן בר שמואלס אָרעם דאָס בלוט רינט.
זיין שווערד אין לייבס איננעווייד זיך קרומט.
דער לייב הויערט, צאַפּלט און זינקט
אין אייגענעם, שטראָמיקן בלוט.
יוחנן בר שמואל שטייט זיגעריש, שטאָלץ.
זיין בלוטנדיק פּנים צו טיטוסן געווענדט:
טיטוס רשע, האָסט אויפגערייצט דעם לייב, דעם מלך פון וואַלד.
ביסט שרעקעדיק, גרויזאַם־קאַלט.
נישט ווי דער שטאַרקער, ראַנגלענדיקער לייב וועט זיין דיין ענד.
פון אַ קליין פליגל וועסטו ווערן פאַרלענדט.
יוחנן בר שמואל בויערט אין אייגענעם האַרץ
דעם שאַרפן שווערדן־שפּיץ אַריין.
דער ווילדער, פאַרשכורטער המון שטורעמט.
אין טיטוסעם נעפּלדיקן מח עקבערט אַ קופּערן פליגל.
זיין שווערער קאָפּ — אַ גליענדיקער ציגל.
די אויגן — בראַנדיקער שפּיגל.
טיטוס הרשע מורמלט אין שרעק:
יהודה איז נישט באַזיגט.
נישט אין בית־המקדש בלויז
איז געוועזן מיט זיי גאָט.
ער וואָגלט מיט זיי אויף יעדן פיינען וועג.
ער שיצט און באַשירעמט זייער ווייטסטן טראָט.

יוחנן בר שמואל ליגט טויט.
די זון צינדט אָן
זיין פּנים פייערדיק־רויט.

## ר׳ עקיבא לערנט תורה

דער אַלטער ר׳ עקיבא יומם ולילה
איבער דער תורה זיך פלייסט.
ער גיסט אַריין זיין ברויזנדיקן גייסט
אין די קריגערישע, צאַפּלדיקע הערצער
פון זיינע יונגע, באַגערנדיקע תּלמידים.
אין געהיים, די פאַרבאָטענע תורה ער לערנט:
נישט מיט צאָרן בלויז
ווערט אַ פאָלק אויסגעלייזט, גרויס.
נישט מיט הוילער פלוכט,
וועלן מיר דאָס מערדערלעכע, געצנדינערישע רוים באַזיגן.
מיר דאַרפן בר־כוכבאס העלדנמוט,
זיין ריזן־קראַפט.
אינאיינעם, וועלן מיר ברעכן
די פאַריאָכנדיקע מאַכט.
מיר וועלן די רוימער באַ די טויערן
פון דער רשעותדיקער רוים צעשלאָגן.
הפקר זאָל זיין דעם באַצווינגערס בלוט.
רוימער־גוף דאַרף מען דורכפּלאַמען
מיט דער שטראָפנדיקער אייזן־רוט.
מיט שאַרף־ציינערקן שפּיזן־מויל דורכקאַמען.

ר׳ עקיבא דאָס בית־מדרש פאַרלאָזט.
גאָטס תורה נישט אויף לאַנג ער פאַרלאָזט.
איבער שטעט און דערפער,
מיט טלית און תפילין און פאַסטוך־שטעקן,
דער פייערדיקער זקן שפאַנט.
ער רעדט צום המון אויפן אָפענעם פּלוין:
פאַר משיחס וועגן שמידט כביכול אַליין
די גערעכטע הערשער־קרוין.
די מלכות הרשעה רוים,
איז געגליכן צו סדום.
די הייליקע מלחמה־שווערד,
געבערט די גאולה
פון דער פאַרפייניקטער אומה.
פייערדיקער זונפאַרגאַנג,
די פעלדער ברענען אין גילדערנעם ראָסט.
פאַרנאַכטיקער טוי אויף די גראָזן —
ווייסער, שיינענדיקער פראָסט.
דאָס פאָלק הערט.
דאָס פאָלק איז אויפגעציטערט.
אין אָפענעם, שטראַליק־רויטן פּלוין
טרייהייט בר־כוכבאן עס שווערט.
ר׳ עקיבא פילט אַ נייעם, פרייען גייסט
אין פאָלק ער באַשאַפט.
ער פילט ישראלס שטייגנדיקע,
געאייניקטע קראַפט.
ער גיסט אַריין זיין ברויזנדיקן גייסט
אין בר־כוכבאס קריגעריש האַרץ.
ער לערנט אים, ער איז אים מבטיח,
געקומען איז די צייט פון צוגעזאָגטן משיח...
שטייזשע אויף אויסלייזער אין ישראל,
פאַרטיליק דעם שונא אויף הויכן באַרג,
אין טיפן, גראָזיקן טאָל...

## מיין רבי.

מיין רבי פסח באַק מיט די צוויי הויקערס,
מיטן זילבערן בערדל און פאַרפּעצטן ראָק,
איז שוין צענדליקער יאָרן טויט.
נאָר איך זע אים נאָך אַלץ אַן איילנדיקן
אין שפּראָץ אויף טאָג.
זיין קליינער, שטרויענער גוף וואַקלט,
ווי פאַרזונקען אין שלאָף.
דאָס זילבערנע ציגן־בערדל
פאַרטאַביקט, געל.
אינגאַנצן ביין און הויט.
די נאָז שפּיציק, רויט.
דער־טלית־זאַק שווער, פול.
תמיד בעט ער זיך:
קינדער, לאָזט מיך כאַפּן אַ רעיון,
איר מאַכט דאָך מיך דול.
דער טאָג איז גרויס, זומערדיק־לאַנג.
אין נייעם זמר ליגט אַ טיפער געדאַנק.

מיטוואָך קאָנען שוין אַלע דעם שיעור.
געווירטע בויגנס, בלאַנקענדיק פּאַפּיר.
מיר לערנען זיך שרייבן יידיש אויפן ערדענעם דיל.
אין פּאָמעשאָף שפּייט דער לאַנגער ביל.
ער קאָן בשום אופן נישט נאָכשרייבן קיין גימל.
עס קיצלט אים אין דער נאָז דאָס פרישע ברויט מיט קימל.
קריצן די געגדזענע פעדערס, די גלאַנציקע פּענעס.
אַלע האָבן דיניקערלעך פולע זשמעניעס.
דער רבי אָנגעשפּאַרט אויף אַ באַנק ציקלט אַ שורה־גריסל:
צום גרויסן, באַוואוסטן סוחר אין וואַרשע ר׳ חיים זיסל.
דער רבי ערנסט, פּאַמעלעך פּרואווט אויפן נאָגל די פּען.
נו, בערעלע, שרייב אַ קיילעכיק כתב.
פאַרקנייטש נישט אין בריוונשטעלער דעם דף.

דאַנערשטיק זיינען אַלע פרייליך־פאַרשטיפּט.
שימקע לאַבוס גיט אַלע ווײַלע אין טיש א טראַך.
בערעלע און יאָסעלע — די געשפּרענקלטע שני אחים,
וואַרפן שטיינער אויפן בעדערס דאַך.
לייבוש ביק און הענעך מיט די צוויי קעפּ,
שפּרינגען פון דער פייער־לייטער.
הערשעלע דער גראָבער קוועלט,
און בלאָזט מיט דער נאָז, ווי א טרומייטער.
דער רבי שמייכלט, פאַרשניצט דין־שפּיציק דעם טייטל.
עס פאַרשמעקט דער שטשאַוו־באָרשטש,
מיטן געבייטלטן ברויטל.
די תמוז־זון פלאַמט דורכן אָפענעם פענצטער.
דער רבי שטויבט אָפּ דעם ספר מלכים.
פון גרויס התפעלות נעמט שיקלען מיט אַן אויג דער שווארצער נחום.
דעם רבינס קול נאָגנדיק־ווייך.
אומעטיק־פאַרקלערט פליסט אונטערן בריקל דער טייך.
דער רבי שאָקלט זיך, מיר שאָקלען זיך נאָך.
שיינע־טרויעריקע מעשות פון הייליקן לאַנד:
יונתן קריכט אויף דער פעלדזן־וואַנט.
שמואל שטייגט פון קבר אַרויס.
דער פאַרוואונדיקטער שאול אויפן באַרג גייט אויס.
דוד קומט פון הינטער די שאָף,
ריכט ווידער אויף ישראלס הויז.
נאָגנדיק דעם רבינס ניגון.
עס שלעפערט איין דער זשום פון פליגן.
ליב האָבן מיר אליהון אין האָריקן קלייד,
אַן מורא קעגן אחאבן ער שטייט.
פיינט האָבן מיר אחאבן, איזבלען.
ביידע האָבן פאַרדינט די שטראָף.
צו אַלע רשעים דעם זעלבן סוף.
אינמיטן הויבט אָן דער רבי גלעטן דאָס בערדל:
לעצטע וואָך האָב איך אייך דערציילט וועגן רבינו גרשום.

היינט לאָמיר אקוק טאָן אין ביטערן גלות —
אין אונדזער פינצטערן תהום.
דאָס גרויסע בראָך פון אונדזער אומה
איז געקומען אין תשעה באָב.
פון דעמלט אָן אונדזער וואָגל,
פול מיט טרערן דער לאָגל.
דער פיין אויסגעברענט אין הערצער,
נאָך אין צייטן פון בלשצר.
עס שעכטן, עס פירן צום שמד
די נושאי־הצלב.
זיי זיינען רוצחים געווען —
עס עצום ורב.
תמימים וטהורים — איבער זיי שטראַליקער שיין.
די אבות אַליין פירן זיי אין גן־עדן אריין.
דאָס קרבן־בלוט פון ישראל פליסט אויף דער עקדה.
עס פאַרוויסטן כמעלניצקים, רוצחישע חילות.
עס פלאַקערן די תשע קהילות.
יידן קומען אום על קדוש־השם הינטער פאַרריגלטע טויערן,
אויף הייליקע שוועלן פון שולן —
די גזרה פון די קאַנטאָניסטן איז אויך גאָרנישט לאַנג.
יידן — אנשי בליעל קליינע קינדער אינדרויסן כאַפּן.
מען רייסט זיי אָפּ פון טאַטע־מאַמע, פון חדר,
פון גאָטס־וואָרט, פון ספרים־שראַנק,
פון בית־מדרש־באַנק.
היינט, פאָניע אכזר — ניקאָלקע ימח שמו!
ייד און פויער — אַלע זיינען בא אים קנעכט.
ערלעכע מענטשן דאַרפן אַרוים קעגן אים אין געפעכט.
די ציציליסטן ווען מנצח־זיין.
נאָך ניקאָלקעס טויט, וועט קיינער
נישט שטעלן קיין יאָרצייט ליכט . . .
ווי א פגר וועט מען טוען זיין רעכט — — —

דעם רבינס פּנים פֿאַרענדערט.
די רשעים וועלן ווערן פֿאַרלענדערט.
זיינע טיפֿע, שוואַרצע אויגן
מיט טרויריקער פֿייכקייט פֿאַרצויגן.
זיין קול ציטערט.
אויף די שונאי ישראל ער ביטערט.
אין חדר קדושים, העלדישע גייסטער שוועבן.
צו זיין קדושים, העלדישע יידן מיר שטרעבן.

דער גרויסער זומער־טאָג פֿאַרגייט.
אַ פֿייער זייל אויף דער לאַנקע שטייט.
אויפֿן לאַנגן טיש טריפֿט בלוטיקער זונליכט.
דער רבי לאָזט טרויעריק דעם קאָפּ אַראָפּ.
וואָרנענדיקע ווערטער אין חלל קלאַפּן אָפּ:
קינדער, דינט גאָט דורך ליבשאַפֿט
און נישט דורך פֿאָרכט.
אין גאָטס גרויסער וועלט פֿאַראַן פֿאַר אַלעמען אָרט.
פֿיל פֿון מיינע תּלמידים זיינען ציציליסטן.
וואָר, מען דאַרף אויפֿהויבן די וואָס וואַלגערן זיך אויף מיסטן.
פּויערים און אַרבעטער זאָלן נישט הונגערן,
יידן זאָלן זיין אָן מורא און עסן צוזאַמען.
נאָר זייט גלויביקע יידן, גייט נישט אַרויס צו שמד! —

מיין רבי איז שוין טויט יאָרן לאַנג.
איך זע אים אָפֿט אויף מיין פֿיינען־גאַנג.
מיר זיינע תּלמידים שמעטערן די קלעמענדיקע צוואַנג.
אויף אייביק וועלן מיר צעטרעטן די שיפּעדיקע שלאַנג.
פּויערים און אַרבעטער וועלן מערנישט הונגערן,
יידן וועלן לעבן אָן מורא, עסן צו זאַט.
מיר זיינען גלויביקע יידן און גייען נישט אַרויס לשמד — — — —

## צום לעצטן מאָל

בערל ברוק דאָס שטעטל פאַרלאָזט.
די מאַמע שוידערט, איר לייב — שטעכיקער דראָט.
די מאַמע פילט, די מאַמע ווייסט,
עס איז נישט גלאַט, עס איז נישט פּראָסט.
דער מאַמעס האַרץ אויף גאָט זיך פאַרלאָזט —

בערל ברוק דאָס שטעטל פאַרלאָזט.
איינמאָל נאָר ער קוקט קריק
צו דער לאַנגער בריק.
עס געזעגנט אים, עס באַגלייט אים
ברײַנדלס פאַרוויינטער בליק.

ביידע געוואָקסן בא איין שוועל.
ביידנס הערצער צינדט די ליבשאַפט העל.
הינטער דער וואַסער־מיל,
פאַרנאַכטיק־רויט שוימט א וועל.
דאָס קאָלירטע שאַלעכל פלאַטערט אויף איר קאָפּ.
אויף איר אַקסל ציטערט דער שוואַרצער צאָפּ.
זי ווייסט, זי זעט אים צום לעצטן מאָל.
די נאַכט זינקט, פינצטערניש רינגלט זי אַרום —
א בלינדער, בלאָנדזשענדיקער טאָל.

בערל ברוק פילט זיין סוף.
ער איז אַלעמאָל גרייט דאַרויף.
נישט קיין ציטערניש, נישט קיין שרעק,
אויפן שטילן, וואַלדיקן וועג.
זיין וואָרט שטורעמדיק, הייס
וועגן אַרבעט וועגן שווייס.
דער גלויבן אין גערעכטיקייט גרויס.

ארבעטער און פויער פול בונט און ברויז.
די גערעכטע רייד פון די נביאים
אין אים גליען.
עס אומעטיקט דאָס דאַווענען פון דער באָבען.
עס פליסטערט דער זיסער ניגון פונעם רבין.
ברײַנדלס טרערן זײַן פּנים בריען.

בערל ברוק בלייבט שטיין
ביים בלעזלדיקן קוואַל, הינטער קרומען בוים.
ער טוט דריי קלונג אין בלעכל אויף דראָטן־צוים.
אַ שאָטן שפּרינגט אויף,
אַ געשריי, אַ לויף.
זיינע הענט אין קייטן־שרויף.

צאָרנדיקער טרויער אין דאָרף
יעדער פויער אַ פריינט, אַ קרוב.
מען פירט בערל ברוק צום טויט.
גאָט האָט דער מאַמען פאַרלאָזט.
זי וואַלגערט זיך אין שטויב.
איר זון — פאַר פייגל דער רויב.
זי שינדט די הויט פון הענט און געזיכט.
די אויגן פון טרערן ליידיק, בלינד.
ברײַנדל בויגט זיך איין:
בערלס גוף — צעבראָכענער ביין,
אויפן גראָז גליווערט זיין בלוט.
זי גלייכט זיך אויס,
נקמה שוידערט אין איר בליק.
איר פּנים — צער, פול מיט מוט.
נאָר איינמאָל זי קוקט קריק.
און שפּאַנט אַוועק אויף וואַלדיקן וועג
אַקעגן טויט, צום זיג — — — —

## ב ר י י נ ד ל

1

דאָס שנײַדער־מײדל ברײַנדל איז צאַרט און אײדל.
שטילע טריט, ציטערדיקער שאָרך אין העלן קלײדל.
איר מאַמע אַ מאַרקזיצערין — װײנענדיקער בליק.
דער טאַטע אַ דאָרפסגײער, פאַרקױפט פלאַקס און שטריק.
פון קינדװײז איר חבר — בערל ברוק.
בײדע געװאָקסן בײַם ברעג פון בוג.
די אָרעמקײט אונטער אײן דאַך,
רעדט צו בײדן דורך פײַנען־שפּראַך.
אין געהױקערטע שטיבלעך צינדט זײַן גלױבן.
באַלמעלאָכישע הענט װערן געשטאַרקט, אױפגעהױבן.
ליכטיק װערן אַלע אין הינטער גאַסן, אין שטױבן.
אַ ברידער־בונד קענען אַלע װאָס רױבן.

טאַטע־מאַמעס נחת: בערל זײער טאָכטערס גליק.
די ליבשאַפט אױסגעװאַרעמט אין הײמישער װיג.
דער מערדער פאַרװאַרפט אױף זײַן האַלדז די שטריק.
בערל שטאַרבט גלױבנדיק אין זיג.

2

אױפן אַלטן, הײמישן בית־הקברות ליגט בערל ברוק.
אױף זײַן קבר אַ גראָזן־בײט.
אױפן מצבה־שטײן אַן אײַזערנע קײט.
אין די זומער־טעג װײנט זײַן מאַמע דאָרט.
אין די פינצטערע נעכט פאַר באַלמעלאָכישע יונגן דאָס זאַמל־אָרט.
שנײַדער־מײדלעך ברענגען רױטע בלומען.
די אױגן פײַכטן דערמאָנענדיק זײַן נאָמען.

איינמאָל אין יאָר פון ווייטע שטעט,
קומט אויך ברײנדל אהיים.
דורך אַ זייטיק שטעגל שטיל, געהיים
שלייכט זי זיך אין שטעטל אַריין.
דאָס פּנים מילד, קינדעריש־קליין.
אין די אויגן טרויעריקער שיין.

ברײנדלס בלוזע דורכגעפּעדעמט מיט רויט און גאָלד.
בערל ברוקס בילד הענגט אויף אַ רויטן טראָלד.
אַלע פּײנען זאַמלט זי צונויף.
אַ לאַנגל־טרערן לייגט זי אויף בערלס קבר אַרויף:
דאָס פאָלק פול מיט צאָרן און וויי.
קעמפערישע טרייסט מיר ברענגען זיי.
נקמה אין מיר ברויזט.
אין מיין בלוט אונדזער ליבשאַפט רוישט.

ברײנדל שפּרייט אויפן קבר אַ רויט טיכל אויס.
זי גייט דורכן זייטיקן שטעגל אַרויס.
עס געזעגענען זי אין בלויען פאַרטאָג
דער שאָטנדיקער שטיין, די שוועבנדיקע טויב.
עס ווינטלט דער זאַמד־שטויב.
ביים וואַלד שטראַלט אַ פויערישע שטויב.
און איבערגעטוועגער דאָרפסגייער
שיקט דעם יונגן טאָג זיין לויב.
דער געטרייער חבר, דער פויער איוואַן
פירט ברײנדלען אַריבער דער באַוואַכטער בריק,
ברײנדל פאָרט ווידער אין ווייטע שטעט
צו זיגערישן גליק —

## דעם פּורים־שפּילערס ליד.

איך טו אָן דאָס נאַרן־מיצל.
איך וועל מאַכן שפּאַס, אָפּטאָן אַ שפּיצל.
איך וועל טראָגן אַ מאַסקע.
איך וועל אָנטאָן אַ טערקישע פּעסקע.
פֿאַר מײַנע אומרײַנע רייד איך טו טאָן
בעטן פֿאַרגעבן בײַ אַלע פֿײַנע, חשובֿע לײַט.
ווײַל איך בין שכּור ווי לוט.
עס איז אָבער אַ מצווה צו מאַכן הײַנט שפּאָט.
הײַנט איז פּורים, זינדיק איז דאָס טרויעריקע לעבן.
זאָל מען בראָנפֿן און לעקעך געבן.
איך קום אַצינד פֿון כּוש־לאַנד.
אחשורוש איז טויב און שטום ווי די וואַנט.
כאָטש ושתּי איז געווען באַצויבערדיק אין פּנים, אין שוועבן־שפּאַן,
האָט זי נעבעך געמוזט נעמען אַזאַ טיפּש פֿאַר אַ מאַן.
זי וואָלט יעדן טאָג אים באַדאַרפֿט שלאָגן מיט דער פֿייער־פֿאַן.
אַחשורש דער פֿערד האָט זיך אָנגעשכורט,
און געהייסן זײַן ווײַבל שיין און איידל
קומען פֿאַר אַלע שׂררים מוטער־נאַקעט, אָן אַ קליידל.
ושתּי פֿון הויכן שטאַם,
האָט נישט געוואָלט פֿאָלגן איר מאַן דעם תּם.
האָט אחשורוש געצאָרנט מיט גרימצאָרן.
ער האָט נישט געוואוסט, אַז עס איז ושתּין
אָנגעוואָקסן אַן עק, ווי אַ געדרייטער האָרן.
אחשורוש דער נאַר איז אַרײַן אין שרעקלעכן כּעס.
פֿון באַליידיקונג זײַנען די אויגן אים געוואָרן גרינלעך־נאַס.
ער האָט פֿאַרמשפּט ושתּין צום טויט.
לאָמיר עסן המן־טאַשן, פּוטערקיכלעך און האָניק־ברויט.
איר ווילט דאָך מײַנע הערשאַפֿטן הערן דעם סוף,
דערלאַנגט־זשע אַ מטבע אַנעדרויף.

דער קעניג, דער טפש האָט געקלאָגט אויף זיין בראָך,
אוים ושתי — ער בענקט נאָך איר שאָרך.
האָבן די יהודים אים געגעבן אסתרן פאר א ווייב.
ווינד און וויסט צו המן הרשעם לייב.
אסתר איז געווען גרין, און דין ווי א שפּאָן.
המן איז געווען פון איר שיינקייט אנטציקט,
זיך גענומען דרייען אַרום איר, ווי א האָן.
מרדכי הצדיק האָט עס קלוג געמאַכט,
המן מיט די בנים זייערע נעמען נישט געדאַכט.
אויף דער הויכער תליה זייערע מיילער פארמאַכט.
באַ די יהודים איז געוואָרן ליכטיק.
באַ די שונאים שטאָק־נאַכט.
געלויבט דער אייבערשטער, זיינע וועגן גרוים און רעכטפארטיק.
פרייט זיך יידן, פרייט! הערט זיך צו, צו מיינע לוסטיקע רייד.
איך שטעל אָן מיין האַנט, גאָלדן־געלט צונעמען בין איך אָנגעברייט.
זייטזשע נישט קאַרג, אַלע אונדזערע פיינט װעלן צעריבן װערן צווישן פעלדזן־באַרג.
אַזוי ווי די מצרים זיינען דערטרונקען געוואָרן אין קאָבעדיקן ים,
אַזוי וועט גאָט אַלע המנס שיקן טעפּעלעך סם.
די נאַכט שטייט נישט, איך וויל נאָך איין פורים־שפּיל שפּילן.
עס קרייען שוין באַלד די הענער,
עס דרייען זיך שוין די ווינטמילן.
איז ווערזשע וועט עס זיין יענער,
וואָס וועט געבן אין דער יד מערער . . .
אצינד הויב איך אָן מיין שפּיל.
דאָס איז דעם פורים־שפּילערס ציל.

## אויס אַן אַלטן בריוושטעלער.

אײן ליבעס בריוו פון שמואל האָכגעלערנטער פון טאַרנאָפּאָל צו זײן הייסגעליבטער כלה, פרײלין מאַליאַ זילבערבאַנד אין זאַמאָשטש.

צו מײן הארצנס־געליבטע מאליא זילבערבאנד !
איך בענק נאָך אייך באטאג אין הערלעכן שײן פון דער זאָנע,
איך טרוים פון אייך באַנאַכט ביים ווייסן, צויבערלעכן שײן פון דער לבנה.
מײן פילגעליבטע כלה, מײן אומשעצבארער שאַץ.
עס פינקלען אַצינד אין הימל די שטערן, ווי אין א בלויער טאַץ.
שטיל — אַלע אין הויז שלאָפן, אויפן אויוון דרימלט די קאַץ.
מײן ליבשאפט צו אייך טוט טריפן, פאר מיר איז אָפן דאָס טירל
פון אייער אײדל הארץ.
איך האָב איבערגעלעזן דעם שפאַנענדן ראָמאַן
„די געהיימניסע פון פאַריזש״.
וואר, דער העלד איז אײן מענטשן־ריז.
אײן בילדשיינער מאַן, מיט א נאָבעלער זעל.
איך מאָל מיר אויס, ווי ער שטייט אויף מײן שוועל.
אַלעס אין אים איז אַזוי דערהאבן.
איך וואָלט פאר אייך געקענט אויך העלדיש קעמפפען אונד שטארבן.
אײן גוטע נאַבריכט איך קען מיטטײלן,
איר קענט אַלע אייערע פריינדינס דערציילן :
איך האָב שוין באקומען אײן שטעל אַלס בוכהאַלטער.
איך פאַרהאָף צו גאָט, איך וועל דאָ ווערן דער גאַנצער פאַרוואַלטער.
מיר וועלן קיין פאַראַזיטן נישט זײן, נישט דארפן עסן קעסט.
מיר וועלן, ווי אונדז בויען אונדזער ליבעס־נעסט.
מיר וועלן זיך פירן רעליגיעזיש, אָבער נישט פרום־פאַנאַטיש.
מיר וועלן לעבן, ווי געבילדעטע לייט, זויבער־שיין, שטיל און באַלעבאַטיש.
איך וועל זיך קליידן קורץ און דײטשיש,
פאַר מײנע האָכגעשטעלטע הארן אויסקוקן אייראָפּעאיש־לײטיש.
איך באַדויער, וואָס אייערע פאַנאַטישע עלטערן ערלויבן נישט
מאַכן אײן בילד פון אייער הערלעך־פּרעכטיק געשטאַלט,
דיזע פאָלנישע יודן — ווילדע ברואים אין אײן אורוואַלד.

יאַ, מיין טייערע כלה, איר זענט מיין האַרצנסגעליבטע,
מיין הייסע רייד, הערט אויס, ביטע:
דער ליבער גאָט האָט אייך מיר באַשערט.
אייער שיינקייט, וויזהייט און גנעדיקייט
האָט אַ שם אין דער גאַנצער מדינה.
איך שיק אייך אַ פּרעזענט איין העכסט־אינטערעסאַנטן ראָמאַן,
אַ גאָלדן פינגערל, אַ טייטש־חומש מיט אַ זילבערנעם שלאָס
אונד איין באַצירטע, לעמבערגער תחינה.
איך וואַרט מיט גרויס אומגעדולד אויפן טאָג פון אונדזער חופּה.
אַקעגן טאַנצן אונדז מיט אַ קוילעטש וועט די פּאָרנעמע דאַמע,
מיין רייכע מומע לאה־ציפּע.
אונדזער געטלעכע ליבע וועט בענטשן מיין ליבעסוויַרדיקער גראַספּאָטער:
אויף אייביק אונד אימער איין גליקלעכעם פאַמיליע־לעבן צו פירן.
אונדזער האָכצייט וועט זיין צויבערלעכער, לוסטיקער, ווי אויף אַ באַל
אין קייזערלעכן טעאַטער.
נאַכהער וועלן מיר לעבן ווי צוויי קליינע, שטילע טויבן.
די זאָנע וועט אימער לויכטן אויף אונדזערע שויבן.

איך לאַד אייך איין מיין גנעדיקע כלה אויף פּסח.
די רייזע זאָלט איר מאַכן מיט אַ קאָטש,
נישט מיטן פּאָסט־וואַגאָן אונד פּראָסטן געשפּאַן.
ביטע, למן השם אָפּשטאַטן איין וויזיט
באַ מיין האָכגעשעצטן, ליבן אָנקל ברוך.
איך גריסע הערצלעך אייערע עלטערן און מיין געטרייע מומע זלאַטע.
מער קיין נייעס באַ מיר לעת עתה.
איך ערוואַטע זאָפאָרט אַנטוואָרט,
פון אייך איין הייסגעליבט וואָרט.
איך ליבע אייך ביז צום שטערבן,
איר לויכט פאַר מיר מיט די שענצטע,
קאָלירדייכע פאַרבן.
אייער אויף אימער און אייביק
שמואל האָכגעלערנטער פון דער געבילדעטער
גראָס־שטאָט טאַרנאַפּאָל.

## דער נייער לערער

### 1

גרויער, רעגנדיקער אָסיען.
אין די פֿויערישע אויוונס נאַסע העלצער צישען.
די שטיבלעך, די שטרוי־קישן דישען.
קאַלטע ווינטן די טייכלעך מישן.
שלייכט אין דאָרף זיך אריין
אַ פֿאַרטראַכט בחורל דאַר און קליין.
אַ דורכגענעצטער אין איינגעטוליעטן פֿאַלטנדל
באַ שאַיע דאָרפֿס־יידס שוועל ער בלייבט שטיין.
עס עפֿנט אים די טיר אַ געזונטע, חנעוודיקע מויד.
אין אירע אויגן שטילע שמייכלען, די באַקן ווינטיק, רויט.
דאָס בחורל גייט אין פֿאָדערהויז אַריין:
איך בין דער נייער לערער אויפֿן ווינטער־זמן.
די מויד דערלאַנגט אים וואַסער פֿון דער צינענער קאַן.
שאַיע קומט אים אַקעגן מיט אַ וואַרעם־שוימיק גלאָז מילך:
זיי נישט קיין אורח, איך האָב פֿיינט דעם פֿאַרפֿרומטן דרך.
עס איז דאָ נישט קיין שטעטלישע נויט.
פֿול איז דער קעלער מיט קאַרטאָפֿל־קערץ.
האָסט דאָ פּוטער, קעז, אייער, זאַלץ און ברויט.
לען אונטער דיין האַרץ.

דאָס אויסגעצערטע בחורל עסט פֿאַמעלעך, פֿאַרטיפֿט אין אַ בוך.
אין דער מוידס גלידער אַזאַ זיסער סקרוך:
זאָל זיך ציען לאַנג און קאַלט דער ווינטער־זמן.
אַזאַ איידל־געלערנט בחורל געפֿעלט מיר פֿאַר אַ מאַן . . .

2

וועלוול הייסט דאָס בחורל.
זינקע הייסט די מויד.
לעבעדיקע פאַרב צינדט זיין הויט.
שאַיע האַלט אים בעסער פון אַ זון.
זינקע פּאַפּראַוועט אים מיט מילכיקס,
און יעדן טאָג מיט אַ פערטל הון.
וועלוולען רופן די קינדער לערער.
צום לערנען זיינען זיי געוואָרן
גרויסע באַגערער.
ער קנעלט וויניקער די האַרבע עברי,
ער דערציילט זיי שיינע מעשהלעך פון תנך.
פון ביכער מיט געמאָלענע בילדער,
ווי די שמעקנדיקע לאַנקעס אַרום
מאַכיק־וואַלדיקן שליאַך,
לערנט ער זיי יידיש־טייטש.
ר׳ שאַיע — פּראַצענדיקע, וואוילע זיינען אייערע קינדער.
אמתע פּויערים אויפן היי־וואָגן מיט דער בייטש.
וועלוול שמייכלט צו זיי מיט זיין יעדן שטערן־קנייטש.
שאַיע קוועלט, זינקע אין ליבשאַפט אויפגעהעלט.
וועלוול לייענט איר לידער פון קאַמף
פון די ליידנדיקע, אַרבעטנדיקע ברידער.
פרייד גאָלדיקט אין דער נייער מאָרגנדיקער וועלט.
זי ווייסט, וועלוול איז פאַרליבט אין איר.
ער האָט שוין אַ פּאָרמאָל, מיט זיין צאַרטער האַנט
איבער אירע האָר געטאָן אַפּיר.
ער ווערט קינדעריש־מילד,
ווען זי טוליעט זיך צו אים צו.
עס וואַרעמט זי זיין האַרציקער בליק:
זינקע, האָסט אַ גאָלדן האַרץ — דו.
איך בין שטענדיק אין פרייהייט־קריג.
וואַרט אויף מיר ביזן גרויסן זיג.

ער האָט איר אָנומלטן פּאָרטרויט ביים פּלויט,
אַז ער חברט זיך מיט די פּאַראָבקעס
און מיטן קאָוואַל־יונג פון גאָרטן־קרויט.
זיי זיינען אַלע באָלשעוויקעס.
ער לערנט זיי גרייט צו זיין
צום לעצטן, שווערן שטרייט.
אין לאַנד פון סערפּ און האַמער,
דריקט נישט מער דעם פּריצס־קלאַמער.
עס שפּירן אים נאָך די שפּיקעס.
ער וועט פאָרן מיטן טאַטן פאַרקויפן די ביקעס . . .
זיי וועלן זיך זען ערשט איבעראַיאָר אָסיען, אַרום סכות.

3

א שרענגע פּאַראָבקעס, וועלוול, דער קאָוואַל —
אַלע אין קייטן געשלאָסן.
פון זינקעס אויגן טרערן גיסן.
צערייצטע פּאָליציאַנטן, די געלאָדענע ביקסן גרייט אויסצושיסן.
אוקראַינער פּויערים, דורך שפּאַרונעס די אַרעסטאַנטן באַגריסן.
שאַיע דערלאַנגט די פערד אַ לײדיקע וואַסער־קאַן.
די חיות קאָפּען דעם וואָגן, הירזשען דערשראָקן אין שפּאַן.
זינקע פּאָכעט צו אים מיט דער מעשענער פּאַן:
וועלוול, לאָז באַלד פון זיך וויסן.
די טרערן אויף אירע באַקן פּליסן.

פרילינגדיקער אַפּריל.
די אַרעסטאַנטן הינטערן דערפל, אויפן בלאָטיקן שליאַך.
לעצטע, געהויקערטע שטיבלעך מיט צעפוילטן דאַך.
רעגנדיק, קיל.
צוגעזאָגט גליק אין זינקעס וויינענדיקן בליק.
וועלוול שפּאַנט מוטיק צו זיין ליכטיקן ציל — — — —

## דער לערנער.

א

דער ארון־קודש שטראַלט צווישן פייער־זײַלן.
אויפן פּרוכת גליען די געהאַפּטענע לייבן.
פינקלען די געגילדערטע קרוינען.
אַרום אויוון, אויף טישן, אויף בענק
ליגן בעטלער אויף ליידיקע, הונגעריקע ברויט־זעק —
אויסטערלישע, איינגעדרימלטע אורמענטשן אַרום מאָכיקע, פייכטע הײַלן.
די באַבערדיקטע, צעאַקערטע פּנימער שטוינען אין שקיעה־רויטקייט.
פאַרנאַכט פאַרכטיקע שאָטנס פאַרשפּרייט.
בעטנדיקער גמרא־ניגון בליבעט:
עשרה הרוגי מלכות געפּרואווט געוואָרן מיט אַלע אימהדיקע טויטן.
פון די הייליקסטע האָט מען מיט פייערדיקע ריטער געריסן די הויטן.
ר׳ עקיבאן זײַנען אַלע נאָכגעגאַנגען,
אונדזער קרבן תמים פאַר כביכול אויפגעגאַנגען.
דער לערנער בליבעט.
עס ווערט שאָטנדיקער, פאַרכטיקער, שטילער.
די גמרא איז אָפן, מיט די ביינערדיקע הענט דאָס געזיכט ער פאַרדעקט.
אין פלאַמיקן שטראַלן־רינג דער זכר פון קדושים בלענדט.
אָ, גאָט, למה, ומדוע האָסטו אונדז פאַרלענדט?
לבנה בלאַסט־אויף איבערן שול הויף.
שאַרכענדיקער ווינט שאַרט די בלעטער צונויף.
יידישע הרוגים וואַלגערן זיך אינמיטן מאַרק,
אין הויפישן סאָד אונטערן ליים־באַרג.

ב

גרינגע טריט, שאַרנדיק סקריפּען.
אויף די ווענט שרעקעדיקע שאָטנס היפּען.
קיינער זעט נישט, קיינער הערט נישט,
פאַרשטויבט, באַרווים שלײַכט אַ בחור
ביים ברייטן, אָנגעוואַלגערטן ספרים־שראַנק.
אַ דינע לאַזע פּאַכעט ער אין דער האַנט.
די פאות נאַס, פלעשלדיק־פאַרדרייט.
דאָס לאַנגע, צעטעפּעטע כאַלאַטל שאַרכעט.
פאַמעלעך טוט ער די טאַרבע אויס.

ער קוקט צום רויטיק־רויטלעכן דרויסן ארויס:
צווישן די זשאַרענדיקע חורבות אומעטיקט
דאָס פאַריתומטע מעקען פון בעדערס קאָזע.
ער כוואָשטשעט מיט דער בויגעוודיקער לאָזע,
און שמייכלט היימיש, באַקאַנט צו די פאַרדרימלטע בעטלער
אויף די צונויפגעדרייטע זעק.
ער שלעפּט פון דער טאָרבע ארויס אַ ראַזעווע ברויט,
דינאַמיט און צוויי שאַרפע העק.
די בעטלער צערייסן די לחמא און שלינגען גאַנצע שטיקער.
יידן, געדענקט עסן איז נישט דער עיקר!
דער לערנער ציטערט אויף.
טייכיקע פינצטערניש פליצט אויף טישן, אויף בענק.
פון די ווינקלען יאָגט די שרעק צו אים אַרויף.
פאַרגליווערט, שטום דער חרובער הויף.
נאַכטיקער הימל אויפן שול דאַך — אַ גילדערנער שטערנטאָל.
עס בליצט פאַרן לערנער די האַק, דער שאַרפער שטאָל.
דאָס בחורל בויגט זיך צום לערנער אַריבער:
איר באַווײנט געשאָכטענע און נישט־פאַרשאָטענע גריבער.
דער רשע האָט פאַרדאָרבן.
אָבער כביכול אַליין איז דערווידער אָבל־געוויין, שטומער קרבן.
מיר טאָרן מערנישט, ווי לעמער די העלדזער ציען.
נישט מיט טליתים און קיטלען צו דער שחיטה גיין.
די שלאַכט פלאַקערט פאַר גרויסע, גערעכטע טעג,
פאַר טויאיק־קלאָרע אינדערפריען.
נקמה וועט הייליקן גאָטס נאָמען.
דער מענטש געפורעמט אין גאָטס געשטאַלט,
מוז פאַרטיליקן די מענטשן־חיה
אין פאַרצוקנדיקן וועלטן־וואַלד.
לאָמיר אויפרייסן די לאַנגע בריק,
פאַרן שונא אָפּהאַקן דעם וועג אויף צוריק.
דאָס רויטע חיל לאַגערט ביים בוג.
מיר וועלן זיי כאַפּן, ווי פיש אויפן הוק.

לאָמיר שלאָגן היינט, איידער דער רוצח הויבט ווידער אָן
ברענען, שעכטן די לעצט־געבליבענע פון נעכטן.
ר׳ עקיבא אליין האָט פאַר בר־כוכבאן אויסגעשאַרפט די שווערד,
ער זאָל באַפרייען דאָס פאָלק און די פאַרשוועכטע ערד.
דער לערנער שאָקלט זיך, מורמלט.
דאָס בחורל כאַפּט אָן זיין האַנט:
לערנער, איך בין פון היגן קאַנט.
איך בין די בעטלער גוט באַקאַנט.
ראַטעוועט זיך און נאָך מיר שפּאַנט.

ג

דאָס בית־מדרש אויפגעפּראַלט, ליידיק.
מיט אלעמען קאָמאַנדעוועט דער אויסגעדינטער סאָלדאַט שמואל ספּאָדיק.
צוגעדריקט צום שטעכיקן ווילד־גראָז רוקט ער זיך אויף אלע פיר.
אין דער האַנט דעם קברנס לאָפּעטע, די פייער שטאַנג.
לייבטשע קאָוואַל האַלט איינגעקרעמפּעוועט די קוילן־צוואַנג:
נו, פּיוועקע מיט דער האַק איבערן קאָפּ דערלאַנג!
דער באַלאָכאָוויץ קייקלט זיך פון די טרעפּ אַראָפּ.
דער שיקלדיקער בערעלע טוט אַ טיפּן סאָפּ,
און אַ צווייטן ער טוטביים גאָרגל אַ כאַפּ:
נאַדיר שכורער רוצח,
פע, עס זעצט פון דיר אַ פּאַסקודנער ריח!
דער לאַנגער ברוך שלעפּט דאָס קעסטל דינאַמיט:
איי, עס וועט נישט בלייבן קיין איין באַנדיט!
דער לערנער שפּרינגט אַרויף אויפן פּאַראָם.
דאָס בחורל צינדט אונטער די שטאָל.
פאַרן רויטן חיל דער נצחון־סיגנאַל.
איבערגעשניטן דער דראָטן־צאָם.
אַ רויטער שטערן בליצט אויף.
שכורע באַלעכאָווצעס אין בהלדיקן אַנטלויף.
אין רויכיקן, שטויביקן ווינט צונויפגעדריקט רייטער און פערד.
די עפּאָלעטן אַראָפּגעפּליקט, דורכגעשטאָכענע קערפּערס גליווערן
אינמיטן מאַרק, אויף צעלעכערטער ערד.

דער מאָרגנשטערן צינדט זיך אָן — אַ קאָפּטשענדיק ליכט.
פרימאָרגן עפנט די אויגן, גאַפט:
שטיקער בריק שווימען אין טייך אויף רויטע שטראָמען.
אויפן פעלד ברענען די שטרוי־סנאָפּעס,
עם פלאַקערן די פאַרשטעטלעך, די כאַטקעס און די שאָפּעס.
קופּערנע־רויטקייט אין מזרח פלעמלט אויף.
די ראָסע פינקלט קאַלט און ווייס.
אויף דער נאַסער לאָנקע צווישן פייערן
דער אַלטער, וואָגלער מאַקאַר שפּרייזט.
ער זינגט דאָס לויבנליד צום אייביק־שיינענדיקן רום
פון די דריי בראַווע קריגסלייט — דריי העלדישע אירע,
פונעם אָרעמען געדריקטן דאָרף קאַשמירע.
יענע דריי בראַווע מלחמה־לייט — פלאַמיקע זין פון פּראָסטן פאָלק.
זיי פירן אין שלאַכט פאָלק נאָך פאָלק,
קעגן דעם האַר און זיינע מערדערלעכע ריטער.
די פּויערים נוקמען זיך אין פריצישע, אָנגעראַבעוועטע גיטער.
נאָר דער סוף איז געווען ביטער,
די אָנפירער האָט מען צום טויט
פאַרשמיסן מיט דינע, געזאַלצענע ריטער — — — —
כליפּענדיקע טענער פון מאַקאַרס לירע:
אָ, דאָס ליידנדיקע פאָלק באַוויינט
אייער מאַרטירער־טויט — העלדישע דריי אירע,
קעמפערישע זין פון געדריקטן דאָרף קאַשמירע.
פלאַמיק־רויט דער מזרח.
דער וואָגלדיקער, זינגענדיקער מאַקאַר
אין שטעטל שפּרייזט אריין:
דאָס גערינצלטע פּנים לויכט.
די אויגן דערשטוינט, פאַרגלייזט.
ליודי דאָברע, באַפרייענדיקע מלאכים
אויף באַפליגלטע פערד האָבן אונדז געהאָלפן היינט.
טייערע מענטשן, ווייסט איר כאָטש פאַרן ליידנדיקן פאָלק
וואָס דאָס מיינט ?!

איך זינג פון באַפרייאונג און וויין.
איך בין שכור אָבער נישט פון וויין.
איך בין הויט און ביין,
דאָס האַרץ איז שמאָל און קליין
צו דערטראָגן די גרויסע, ברויזנדיקע פרייד,
וואָס שטראַלט אויף איבער אונדז פון מזרח־זייט . . .

ד

דער לערנער ניגונט ווידער אין בית־מדרש ווינקל.
דער לאַנגער טיש אין גילדערנעם פינקל.
די גמרא אָפן.
אויף די צעקנייטשטע בלעטער ציטערן זון־שטרייפן.
פון הויפישן סאַד נאָגנדיק, דאָס פאַרבענקטע פייפן.
באַלשעוויקעס, בליצנדיקע פיקעס,
רויטע פענער ווייען.
באַלמעלאָכיש געצייג — סערפּ און האַמער
אויף זיי אויסגענייט.
רויטע אַרמייער גאַרנישט ווי סאָלדאַטן,
גייען אָנגעטאָן אין פּעלצלעך, מאַרינאַרקעס, קאַפּאָטעס און כאַלאַטן.
נישט זיי ראַבעווען, נישט זיי שלאָגן,
נישט זיי הרגענען יידן.
זיי האַלטן דרשות וועגן אַרבעט און מענטשן־רעכט,
וועגן פעלקער ליבשאַפט, גליק און פרידן.
גאָט האָט געביטן זייערע געשטאַלטן . . .
טויאיק, גילדערן־געפלעקט דער פּאַשע־היגל.
פאַרטרערטע, פאַרחלבטע אותיות שפרינגען.
מאַרשירנדיקע, באַרוויסע סאָלדאַטן קאַמפּסלידער זינגען.
די זון אויף שאַרף פון די באַגנעטן שפּיגלט.
דער לערנער שטעלט זיך אויף.
זיינע מידע טריט אין דער פאַרדרימלטער הוילקייט שאַרן.
אויפגעפּראַלט די געשמידטע, ריגל־טיר.

עס ווינטלט דער פריש, קילער דרויסן.
די בליאַסקענדיקע שויבן הארבסטיק פארקלערט.
זינגענדיקע פרייד ער הערט.
דער מאַרק טאַנצט, באַ יידן שמחה וששון.
עמערס וואַסער צו פּאָיען די פערד טראָגט דער ראש
פון דער פּאָזשאַרנע בעריש־נתן.
אָרקעסטערס מונטערדיק רוישן.
יידן מיליאָנען טשערוואָנקעס טוישן.
אויף אַ טישל שטייט דאָס בחורל, אַגיטירט.
באָרוויסע, גאַפּענדיקע פויערים הערן ערנסט, גערירט:
די פעלדער, די וועלדער, די גאַנצע ערד
צו אייך אָרעמע פויערים געהערט.
חברים, זין און טעכטער פון אַרבעטער־פּאָלק,
מיט אונדזערע חילות זאָלט איר מיטציען,
וועט איר פאַר די פּאַנעס מערנישט דאַרפן קניען.
שטאַנגען־הענט שטאָלן זיך אין דער הויך.
אַלע שרייען הוראַ מיטן גאַנצן כח.
דאָס בחורל אַ צעפּלאַמטער שרייט:
טויט די ווייסע פּאַראַזיטן!
אַ סוף צו די פּריצים מיט די בלויע בלוטן! ..
פּעטליורע, באַלעכאָוויטש היצלעס, ווי קין!
וואָסזשע ליבע מענטשן, דאַרף מען מער ברייען?
איר האָט קעפּ, איר האָט מענטשלעכע געפילן,
איר קענט דאָס אַלצדינג אַליין צעקייען!

דער לערנער רוקט זיך צו, צו דער מויער־וואַנט,
ער שטרעקט אויס די פאַרבונדענע האַנט:
איך וועל זיך שלאָגן פאַר יידן־רעכט,
פאַר פעלקער־ברודערשאַפט, פאַר באַפרייטער ערד!

דאָס בחורל פרײדיק־אויפגעברויזט
פאַלט אים אויפן האַלדז.
דער רויטער שטערן בלישטשעט,
די שוואַרץ־געדיכטע האָר אויפגעקרויזט.
דער מאַרק רוישט, גאַפט,
עס בלויט דער זוניקער הימל.
די פרייד שווימט אין טאַנצנדיקן געזעמל.
אין די אויגן גלויביקער גלאַנץ:
אַרבעטער און פויער, די נייע, ברודערלעכע וועלט פאַרפלאַנץ!

אָרקעסטערס מונטערנדיק רוישן.
רויטאַרמייער שפּאַנען, זינגען.
אויף דער ווייסער מויער רויטע פענער הענגען.
עס שטראַלן אָנגעשאַרפטע מעסער.
יידן טיילן ברויט און וואַסער.
רויטאַרמייער חבריש זיך גריסן.
דאָס שטעטל טרייסלט זיך פון דונערדיקן שיסן.
רויטע חילות ציען זיך אויף מיילן.
צו פלאַקערדיקע שלאַכטן זיי איילן.

## האַרציקע, יידישע טעכטער.

האַרציקע, יידישע טעכטער
שעפּטשען ליבעס־רייד שבת־פאַרנאַכטן,
אין שמעקנדיקע סעדער.
עס שוימען די שליוזן.
די שוימיקע וואַסערן — בלויע גלאָזן.
מען לייענט נישט מער די העכסט־אינטערעסאַנטע ראָמאַנען
וועגן די ריטער מיט די קלינגענדיקע שפּאָרן,
מיט די קיווערן, שילדן און שפּיזן.
דאָס האַרץ צאַפּלט מערנישט אויפן גורל פון די שלאַנקע, גוטע מאַרקיזן,
און אויף זייערע צאַרטע, איידעלע געליבטעס
אין די שלעפּ־קליידער פון פּאַריזן.
קיינער פאַרגיסט מערנישט קיין טרערן אויף דער גרעפין,
וואָס איז איינגעשלאָסן אין שלאָס־טורעם.
די טויב פלאַטערט מיטן ליבעס־בריוועלע אין מויל.
דאָס פערד פון געליבטן גראַף יאָגט צו איר, פרייכנדיק מיט שוים.
ער שוועבט אָן צו דער רעכטער צייט.
די שיינע גרעפין פאַלט אין זיינע אָרעמס אריין . . .
דאָס אַלץ איז אַלמאָדיש, נישט יידיש.
היינטיקע ארבעטער־מיידלעך לייענען פאָר אין די שבת־פאַרנאַכטן:
וויסנבערגס „שטעטל”, פּרצס „חסידיש”.
לידער פון האָפּשטיין, פעפער און מאַרקיש,
גלויביק צויבערן פּרצס „פאָלקסטימלעכע געשיכטן”,
עס מוטיקן ווינטשעווסקיס, ראָזנפעלדס, באָווּשאָווערס
און עדעלשטאַדטס געדיכטן.
עס נידערט די נאַכט אויפן טונקלען מאַרק.
די נייטאָרינס אין אויסגעפרעסטע, בלאַנקענדיקע בלוזן
שטעקן איין אין די לאַצן טויאיקע, רויטע רויזן.
פייכטנדיק־גרין די בויגעוודיקע לאָזעס.
חנהטשע די האָרבאַטע פירט שוין פון פּאַשע די קאָזעס.
הענט שטייף, פויסטיק.

הערצער קלאַפּן האַסטיק.
די לבנה שניידט זיך אַרויס.
אַ שטערן אין בלענדנדיקן־קריץ שלעפּט אַ פייער־שטריק
איבערן ווייסן ציגל־הויז.
יידישע נייטאָרינס שווייגן פאַרטראַכט, טרויעריק:
באַלמעלאָכישע יונגן אַ גאַנצע וואָך אין ווייטע דערפער וועלן פאַרשוואַרצט.
אין ליידיקן שטעטל פאַרבלייבן דער לידער־שרייבער און דער לאָמער מאַליער
מיטן הויכן, פאַרקלערטן שטערן.
און — אויף ביידע דאָס געפּענקעניש וואָרט.
באַ יעדן פינצטער געסל בערעלע מסור האַרט.
אַצינדערט דער לידער־שרייבער לייענט זיין ברוויזנדיק, קאַמפּס־ליד.
עס קניט דער אַלטער באַרנבוים.
דאָס געליבטע שניידער־מיידל הערט
דאָס שטורעמדיק וואָרט פון פּאָעט.
אירע אויגן פייכטן פון באַגער און געבעט.
אַ שאָטן היפּעט אַרום.
די נאַכט שוועבט אומעטום.
פון ווייטע לאָנקעס נאָגנדיקע, פויערישע געזאַנגען.
עס ווינטלען שעפּטשענדיקע, הויכע זאַנגען.

די פאַרבענקטע ווערטער בריען
פאַרליבטע, לעכצנדיקע הערצער.
עמעצער ברענגט אַ פּעקל בלעטלעך צוקלעפּן.
אין די טונקלסטע, פּליסטערנדיקע ווינקלען
שטילערהייט, געהיים הויבט מען זיך אָן צונויפצוקלייבן.
שאָטנס פאָרכטן.
די נאַכט נעמט פאַרדאַכטן, אויסדאַכטן.
פול ווערן מיידלישע קעשענעס און בייטלען.
די גרינע שטילקייט רואיקט נישט איין.
אַלע ווייסן: מאָרגן וועלן קעמפערישע, יונגע הענט זיין געשלאָסן אין קייטען.
און ווי אַ סטאַדע פאַרן שטורעם, זיצן איצטער אַלע צונויפגעדריקט
צונויפגעהאַלדזט.
נאָענטע, חברישע רייד ליכטיקן ביים צעשייד.

די לבנה טעסעט זייערע טריט.
פעסט און גלויביק שפּאַנען זיי אַרויף אויף דער שטייגנדיקער שוועל.
יונגע טעג פאַרקלאַמערט אין אַ פינצטערע צעל.
דאָס צאַרטע, בענקענדיקע לייב צעשמיסן.
לעבעדיקערהייט די הויטן געריסן.
פרילינגען וועלן שפּראָצן.
די זון וועט אין פייער־גאָלד זיך זעצן.
גלויביק פּלאַטערט אין פּיין די זעל.
בא דער תפיסה־וואַנט רוישט די גריסנדיקע וועל.
ביז באַפרייטע, מורדים־הענט
וועלן די שווערע, אייזערנע טירן אָראָפּהאַקן.
זיין וועט עס אין אַ שנייאיק־לויטערן ווינטער פאַרטאָג.
די טייכן וועלן פרירן.
פאָכען וועלן רויטע פענער.
פריידיקער מאַרש פון אַרבעטער־קעמפער —
פרויען און מענער . . .

ב

דערווייל — נאָך יעדער צעשייד,
אויף די הענט — אַ קייט.
ווינציקער ווערן די טרייע יאָטן.
עס פאַרהיטן נישט די געקרייזלטע פאות
און די לאַנגע, פרום־חסידישע כאַלאַטן . . .
אין די שבת־פאַרנאַכטן שעפּטשען מערנישט קיין שניידער מיידלעך.
טרויעריק, שטיל אין די סעדער, צווישן די מאַלינעס־קוסטן.
ליידיק דער ברייטער מאַרק.
דער פּאַן וואַרגט.
גויים שלאָגן יידן אויף די יאַרידן.
בוליגאַנישע סטודענטן מיט גאָלד און זילבער באַרעמלטע היטלען,
מיט גלאַנציקע קנעפּ,
שפּאַלטן יידישע קעפּ.

גלחים מיט גרויסע, זילבערנע צלמים אין די הענט,
שוימען אין די קלויסטערס בא די אלטארן:
יידן זיינען בלוט־זויגערס, אנגעשטאפטע געלט־זעק.
יידן זיינען אומווירדיקע, פרעמדע לייט
אויף דער הייליקער, פוילישער ערד.
יידן זיינען באלשעוויקעס, האבן א שלאנגען־עק...

טרייבט מען דארפסיידן פון די דערפער.
דעם ארעמען, יידישן דארפסגייער פארברענט מען די בינטלעך פלאקס.
מען צעברעכט די פושקעס און דאס ליכטן־וואקס.
די פאנעס פארכאפן יידישע קראמען.
שקצים חוזקן אפ פון א סוחר מיט א יידישן נאמען.
גייען בעלי־מלאכות ארום בטל
מיט אפגעריסענעם דאשעק און פארשמאלצעוועטן היטל.
די פאנסקע שליטים טרייבן די יידן קיין פאלעסטינע.
אין קדימה־פאריין זיינען די פענצטער פארהאנגען.
ארום דער יידישער ביבליאטעק פארדעכטיקע שאטנס שפרינגען.
אין די שטיבלעך בא שלש סעודות' חסידים קרעכצן.
נע ונד אין פינצטערן גלות די שכינה.
יידן קענען קיין מקום מנוחה אין ערגעץ נישט געפינען —
לער דאס שטעטל.
די בעסטע קעמפער אין קאטוז־בערעזער קאנצענטראציע־לאגער.
פאשיסטישע, מערדערישע האנט פון רידז סמיגלי איז פון פוילישער ערד —
דער גאוהדיקער טרעגער.
אלע זשיפענדיקע יידן — קאמוניסטן.
מיט איבערגעבראכענע הענט, פיס און ריפן
וואלגערן זיי זיך אויף בלאטיקן דיל,
אנגסטיק כריפען.
די צעיושעטע זשאנדארמלייט קאפען:
זשידזשע באלשעוויק, דא פאלעסטיניע!
סטאלין וועט זיין אייער קיסר...
איר וועט האבן א זשידאווסקע גמינע!..

אָרעמע, פֿאַרליבטע שניידער־מיידלעך
ווייכן פֿון די קילע, בלעטערנדיקע סעדער,
בראָטן נישט קיין אויבסט באַ די שטרויענעביידלעך.
די ניי־מאַשינען זשאַווערן.
זיי שעמען זיך אין רייכע הייזער דינען.
אַלע גאָלדענע טרוימען פֿאַרזוימען.
די יוגנט רייסט זיך אין פֿרעמדע לענדער.
יעדעס לאַנד ווייטער, גרעסער, פֿרעמדער.
דיקע, פֿאַרטיפֿטע קאָנווערטן
צאַפּלען אויף פֿאַרחושכטע הערצער.
עס סקריפּעט דאָס פֿאַרשפּאַרטע גרעניץ־טירל.
דער אויסגעמאָרעטער עמיגראַנט קען קוים אַדורכקריכן.
אויף פּויערישע, פֿאַרפּראַצעוועטע הענט לייגן זיך פּאָטשאַטן
פֿון בייזע, פּאָרשערישע קאָנסולאַטן.
אויפֿן שניידער־מיידל מיטן איינציקן שבת־קליידל
מיטן נעדעלע, מיטן שערל,
וואַרט אויף יענער זייט דער שאַפּ.
אוי אַ גליק! זעץ זיך ביים מאַשין אַוועק,
דאָלאַרעלעך מאַך, אייל, כאַפּ!
דער באָס איז אַ לאַנדסמאַן,
באַ זיינע מאַשינען הויקערן זיך די חברים,
וואָס מיט זיי אינאיינעם
האָט ער אין די סעדער דאָס יונגע, גאַרנדיקע לעבן געשפּונען.
שניידער־מיידל קאָווע דאָס האַרץ!
ביים באָס אויפֿן האַרץ ליגט אַ פֿאַראייזנטע שטאַרץ.
דיינע חברים וועלן וואַרעמע הענט דיר אויסשטרעקן.
פּלאַקאַטן, רייען, סטרייקן.
שלאַקסנדיקע רעגנס וועלן דיך אויסווייקן.
דער געהאָפּטער, קעמפּערישער טאָג וועט אויפֿגינען.
ווערסט מיט זיי דעם קאַמף געווינען.

לעת עתה די וואָך — איין גרויסער, נאָגנדיקער מעת לעת
די שטילסטע, האַרציקסטע באַגערן, פאַרגעס!
דער פאַרטויבנדיקער ליאַרעם,
ווי אין היימשטעטל, באַ דער פאַראָווע מיל.
עס טרייסלט זיך אונטער דיר דער דיל.
די שכורע מאַשינען — גרילצנדיקע וואַלצן.
איינגעבראָכענע פלייצעס טאַנצן.
איבערן געשטעפּ זינקען קעפּ.
אָנגעהייצטע פּרעס־אייזנס פאַרען די הענט.
אַליין דאָס לעבן אין תפיסה פאַרקלעמט — — — —

אין איינזאַמע, פאַרבענקטע נעכט, אין חלום־שלאָף:
קלאָרט דער טיפער, טייכיקער שפּיגל.
די מיידלישע, פייכטע, ווייסע פּיס שפּאַנען
אויפן היימישן, באַוועלדערטן היגל.
אין צעבליטן סאָד שאָרכען בלעטער.
אין וואַלד פאַרשמעקן די צעזעגטע ברעטער.
קינדעריש, ריין דער באַגער.
די זון אין אויפגעגליטן וואָלקן —
אַ שניידנדיקע שער.
אינדערפרי פאַרשווינדט דער טרוים.
טרויעריק, פאַרגרויט דער הימל־זוים.
די אָנגעדראָלענע פּים — שטיקער האָלצן.
יאָגנדיקע מאַשינען, ווי מיל־שטיינער גרילצן.
אַ ליכטיקייט וואָס הויבט דעם מוט,
לוין פאַר פראַצע, וואַרעמע טרייסט פאַר בענקענדיקן בלוט:
יעדן חודש שיקט מען געלט אהיים,
אויף שוואַרץ־ברויט אינדערוואָכנס,
אַ שטיקל פיש, אַ האָרעלע פלייש, אַ קוילעטשל
און ראָזשינקע־וויין אויף שבת־קודש.

אין די פרייע זונטיק פרימאָרגנס
לויפט מען צו שתדלנים סערטיפיקאַטן אויסבעטן.
די בעלי־טובה הייסן זיך די אָפּגעשפּאָרטע פּרוטות
געהיים אין דער יד דערלאַנגען . . .
די פּאַפּירן זײַנען אונטער אַלע פּאָטשאַטן דורכגעגאַנגען.
ווערזשע איז דען שולדיק, אַז אינדערהיים
האָבן פריער אָנגעהויבן וויסטעוועץ הארמאַטן ? !
די אויסגעשטרעקטע האַנט האָט נישט אַרויסגעצויגן
ברידער, שוועסטער, דער מאַמען און דעם טאַטן — — — —

אַ האַרציקע יידישע טעכטער !
דאָס שטעטל אַ טויטן־שאָטן.
מען האָט געשאָכטן, מען האָט לעבעדיקערהייט
אין אויוונס אָפּגעבראָטן.
און געדרימלט האָט ישׂראלס וועכטער —

אַצינדערט, אין די איינזאַמע נעכט,
צינדט אייער ברענענדיקער טרויער
יאָרצײַט־ליכטער.
אין מײַן מויל פרירן די טרייסט־ווערטער.
אין וועלטן־וואַלד מיניען די ווײַסע שטערן.
וואוהין זאָלן מיר זיך ווענדן און קערן ? !
— — — — — — — — — — — — — — — — — —

## איך רעד צו דיר חבר טים באָק.

ניִשט וועגן רייצנדיקע שטעט, כשופנדיקע לענדער,
ניִשט וועגן מעכטיקע טייכן און לאָקערנדיקע ערטער,
באַגער איך צו ריידן צו דיר אַצינד.
איך בין נישט געאיבט אין צאַרטע, געשליפענע רייד.
אין פשוטע, ווייטיקדיקע ווערטער,
אין פּראָסטע, וויינענדיקע גראַמען
איך וויל איינשפּאַנען מיין צער,
מיין פאָלקס טראַגישע דראַמען.
איך בין אַ מאַן שטיל און באַשיידן,
אויסערגעוויינלעכע שיינקייט צו באַשרייבן
איך פאַרמאָג נישט דעם וואונדערלעכן טאַלאַנט.
אָבער איטלעכס הארץ פול מיט פּיין ביזן שאַרפן ראַנד,
וויינט אַליין שוין די שרייבנדיקע האַנט.
איך וויל אויסגיסן מיין שווער־אָנגעווייטיקט געמיט
אויף אונדזער גאַנג דעם בלוטיקן, באַטרערטן,
אויף אונדזער גורל דעם וויסטן, באַשערטן.
נישטאָ אַזאַ שרייענדיק, בריענדיק וואָרט אין אַ ליד,
וואָס זאָל אַרויסיאָמערן דעם בראָך פון גליוועדיקע פיר מיליאָן יידן־טריט.
אין חומש איז אָנגעוויזן:
גאָט האָט די רשעים זיין שטאַרקע האַנט באַוויזן.
ער האָט געטויט די פאַרדאַרבנדיקע ריזן,
ער האָט זיי צעשטויסן אין מבול,
ער האָט זיי דורכגעלעכערט מיט וואַסער־שפּיזן.
דערנאָך האָט ער זיך באַדענקט,
וואָרים ער האָט די מענטשן אין וואַסער פאַרשווענקט.
דארום האָט ער אויפגעהערט די וועלט פאַר רשעות באַשטראָפן.
דער רשע שאַלטעוועט, ער טוט נישט אָפּווערן דאָס בייז
וואָס טוט זיך אויף זיין ערד טרעפן.
אַז גאָט טוט צערנען,
דעכלט ער איבער דער ערד מיטן פאַרביקן בויגן.
אין די וואָלקנס גליווערט איין דער שלאַקס־רעגן.
אויך וועגן דעם איז אין חומש געשריבן.

עקבערנדיקע קעפּ האָבן בייזע מאָנונגען געקליבן.
צאָרן אויף אַלע ערד־עקן געטריבן.
פאַר אונדזערע אורפאָטערס הייליקע שריפטן
האָמערט מען אַריין אין אונדזער געביין אייזערנע שטיפטן.

נאָענטער חבר, איך גלויב וואָס דו טוסט זאָגן:
צייטן ענדערן זיך צום גוטן, צייטן האָבן זיך געביטן.
נייערט מיין פאָלק איז איינגעקלאַמערט אין צוואַנג אינדערמיטן.
דאָס אומגליק האָט אונדז קיינמאָל נישט אויסגעמיטן.
אונטער דער שווערד די ערשטע צופאַלן.
די ערשטע גרויזאַמסטע טויטן.
מיר ווערן די ערשטע געוואָרפן פאַר פאַרצוקנדיקע הינט
הינטער וועלטישע פּלויטן.
קיינער האָט זיך צו אונדזער יאָמער־געשריי נישט צוגעהערט.
אונדזערע הרוגים האָבן זיך מיט יעדן טאָג געמערט.
די פּייערדיקע פרייד־יקער פון גוטסקייט און מענטשנליבע,
די וואָס לייטערן די זעל מיט הייליקע פּסוקים פון דער ביבל,
האָבן אינדערשטיל אפשר אַליין גאָר געהאָלפן די מזיקים אויסלעשן דאָס ליכט
פון ישראלס פאַלנדיק, אָרעם, צעבראָכן שטיבל.
אַצינד אויף מיילן־טריט,
נישטאָ פון יעקבן קיין שפּראָץ, קיין בליט.
די ערד לעכערדיק, בלינד — — —

האַרציקער פריינט,
פּרואוו נאָר פאַר זיך אַליין
אונדזער בראָך אויסמאָלן:
פאַרוויסטע, יידישע דערפער,
לערע, יידישע שטעט
אויף די גרינענדיקע בערג,
אין די פרוכפּערדיקע טאָלן.

די אָרעמע רימערס, שוסטערס,
די גלעזערס, גאַרבערס, שניידערס,
די שטריקלדרייערס, די דאָרפסגייערס,
די סוחרים, למדנים און רבנים,
די בעלי־עגלות און די קאָוואַלן,
אַלע מיט די נעבעכדיקע שטעלעכלעך,
אין אויסגעריבענע, געלאַטעטע שאַלן
זיינען ערגעץ אין בלוטיקע אָפּגרונטן געוואָרן פאַרפאַלן.
אין פעטן פּאָדאָליע האָבן גאָטספאַרכטיקע, יידישע פּועלים,
פרומע, ערלעכע דאָרפסגייער אויסגעטראָטן דורך די וועלדער
די ערשטע, הונדערט מייליקע קאָליע.
פון אַלצדינג — פון יידיש־פּוילן, וואָלין, אוקראַינע, פּאָדאָליע און רומעניע;
מען קען שוין דאָס ביסל יידן אַריינגעמען אין אַ זשמעניע.
פון מיין פאָלק די לעבעדיקע, דערפרישנדיקע קוואַלן,
פאַרגאָסן מיט זאַמדיקע, פאַרטריקנדיקע וועלן.
דאָך — די רשעים טוען נאָך אַלץ צאָרנדיק זידן.
זיי זעען נאָך לויפן אַ דערשראָקענעם יידן.
אויך אין אונדזער לאַנד ווימלען לייט מיט רציחה־בלוט,
מיט מאָרד־לוסט, פרעך, פאַרשייט.
זיי זיצן אויף גילדערנע טראָנען,
טראָגן בלישטשענדיקע קרוינען.
זיי וועגן, זיי וויגן די וועלט אין זייערע שאָלן.
זייער האַרץ — אַ שטיין אויסגעהוילט.
גיפטיק פייער אין זייער מויל.
טעגלעך זיי טייטלען אויף יידן.
זיי האָגלען אויף אונדז פון זייערע פינצטערע יאַרידן.
מיר זיינען זיי דערווידער פון אַן אַלטן מאָן ביז די זויג־קינדער.
העסלעך איז אין זייערע אויגן דער פאָרעם פון אונדזערע גלידער.
זיי שעלטן אונדזער אָרעמקייט, זיי האַסן אונדזערע אַרבעטסלייט.
פעלשונג און גאָלד
דאָס וואָס די יידן האָבן האָלט.
ברויט און וואַסער האָט דער ייד געבעטן,
אַצינד איבער אונדז ער טוט טרעטן.

איטלעכער ייד א פארזעעניש מיט בייטנדיקע געזיכטער:
יעדער ייד — שטיין־רייך כיטרע און ווייך.
יעדער ייד וויקלט זיך אין זיידנס, אין פוך.
דער ייד איז אומעטום מיט זיין דוך מיט זיין רוך.
דער זעלבער ייד א קאפיטאליסט און א קאמוניסט.
דאס פעטס פון דער ערד מיר גריזשען אפ,
ווארפט די יידן אין תהום אראפ.
אט די העסלעכע ברואים
קענען טאג און נאכט נישט רוען.
מיר פארדארבן דעם בליענדיקן פרילינג.
מיר פארסמען דעם וואסער־שלונג.
מיר פליקן אפ די רויט־הארבסטיקע בלעטער־שריינטן.
מיר זיינען שולדיק אין אלע בלוטיקע מלחמות,
אין אלע אויפברויזן, אין אלע בונטן,
אין אלע צוזאגנדיקע פרידנס־בונדן . . .
דעריבער צושלאגן די יידן צו סקריפנדיקע טירן, צו סלופן,
צונעגלען די יידן צו מויער ווענט, צו העכסטע טאפאלן.

דער ייד טאר גאטס לופט נישט זופן
אין דער הייליקער שטאט, צופוסנס דעם צלם־בארג,
הינטער צווייגן־שאטן פון קלויסטער־קופאלן.
אט די העסלעכע ברואים.
די דאזיקע פינצטערע רשעים
קענען טאג און נאכט נישט רוען.
זיי קענען נישט פארטראגן
אונדזער גערייד, אונדזערע זיטן.
א, ווי רופט איר זיי רעאקציאנערן, אנטיסעמיטן?
ווער וועט אונדז פון זיי באשיצן, באהיטן? — — —

וואָס אָן אמת, עס ווערט מיר אויך איבערדריסיק
פון די בלומרשטע פריינט, וואָס ווילן
תמיד אונדזער גרויסקייט מאָלן,
תמיד אונדזער הערלעכקייט באַווייזן,
אונדזער שיינקייט רימען,
בשעת אין אונדזער אייגן בלוט מיר שווימען.

צו וואָס דאַרפן זיי מיט אונדז אין וויטן עבר רייזן?
מיר צאָלן צוליב דעם עד היום מיט די בלוטיקסטע פרייזן!
אַלע אונדזערע געשיכטעס, לעגענדן
פון מאַרטירער־טויטן; פּיינונגען אָן ענדן.
די קינדער פון אונדזערע לענדן
אין אַלע וואָגלענדיקע פרעמדן.
צי וואָס אַלטע שמות שטויבן?
ווער דאַרף די אַלע לויבן?
בנאמנות, מיר זיינען אַ פאָלק,
מיר האָבן געטאָן גרייזן.
מיר האָבן די וועלט געוואָלט דערלייזן.
געוויס, יעדע אומה קען אונדז אויפוואַרפן, אויפווייזן:
נישט יעדעם פאָלק קען באַווייזן
יאָרטויזנטער אויף אונדזער צאָרן־וועג צורייזן.
אודאי, פאַרדעם די האַרבע שטראָף,
אויסקוילענען די יידן, ווי שאָף: — — —

יאָ, וואָרים טו איך דאָ טייערער חבר
צו דיר אַזוי באַצערט, אַזוי בלוטנדיק־אָפן ריידן?
פאַרגיב, מיינע טריפנדיקע, פאַרצאָגטע ווערטער,
איך קען אַנדערש נישט באַקליידן.
איך קען דיין ליבשאַפט צו מענטשן, צו פעלקער,
האָסט אַריינגעקוקט אין אונדזער לעבן,
ביסט אויפגעשווידערט געוואָרן פון אונדזער בלוטיקן אַלקער.

דיין גלויבן הילכט אַפּ אין קאַנאַדעס פּאַרוואָרפנסטע פּראָווינצן,
די פּשוטע פון פאָלק, די אַרבעטסלייט זיינען דיינע ליכטיקסטע פּרינצן.
אין דיין האַרץ אונדזער בענקשאַפט, אונדזער ווייַ אויך אַריינגעקריצט.
אונדזער מאָרגן האָט פאַר דיר לויטערנדיק אויפגעבליצט.
פאַרוואָסזשע אויך אין דעם לאַנד — אונדזער לעצטער באָרטן?
שוימען מיילער, איז די שנאה קעגן אונדז פאַרקריצט?
אומדערשראָקענער, שטאָלצער קעמפער,
איך מאָן דיין טרייסטנדיקן ענטפער!
דו אונדזער לערער, האָסט אליין געטראָגן אַלע פּיינען,
דעם גרויסן באַפרייטן טאָג צו קענען קרוינען.
די מאַטער־צוואַנגען זיינען אָנגעגליט.
אַלע תפיסות פאַרהאַמערט.
עס קען דער שונא זיך נאָך שטאַרקן,
און — צווישן שטיין־ווענט זאָלן אַלע זיין פאַרקלאַמערט.
נאָר נישט פאַר דעם איז מיין מורא.
אין דיינע אויגן ברענענדיקער גלויבן,
די ליכטיקייט שימערט אויף אונדזערע פאַרנאַכטיקע שויבן.
דערווייל איז די שעה פאַרהוילן,
דערווייל קען אויך דאָהי מיין פאָלק ווערן באַצוואונגען.
דעמלט וועט קיינער שוין נישט אַנטרינען . . .
וואָסזשע וועט מיין פאָלק אַרויסקומען, אַז אויפגיין וועט דער
פרידלעכער באַגינען? אַז אַלע פעלקער וועלן פאַר זיך אַ נייע וועלט געפינען?
געהאַרגעטע יידן וועלן פון דעם נישט וויסן . . .
וואָרים עס איז דאָך נישט פאַרבאָטן יידן אויסצוראָטן —

אודאי צייטן ענדערן זיך, צייטן האָבן זיך אין סטאַלינס לאַנד
צום גוטן געביטן.
מיר זיינען גלייך, צו אַלע פעלקער געגליכן.
אָבער איידער מיר וועלן יענעם גרויסן טאָג דאָ גרייכן,
וועלן חלילה אויף דער ערד יידן־שאָטנס בלויז אַרומשלייכן.

איך בין זיך מודה, איך בין אין איין שרעק, אין איין ציטער
פאַרן ווידער אָנקומען פונעם אכזריותדיקן געביטער.
היטלער האָט אונדז אַזוי געטאָן פאַרלענדן,
מיר דאַכט, שייטער־פייערן אַרום אונדז אומעטום אָנגעצונדן.
אין דער פרומער קוויבעק,
מאָלט זיך מיר טיילמאָל
לויטן סלינענדיקן ליאַרעם:
(גאָט באַהיט און באַשירעם!)
רוצחים שאַרפן מעסערס,
אין זייערע הענט בלישטשען העק,
פאַר רויבן זיי גרייטן קופערטן, זעק.
אַלע אונדזערע טירן זיינען אומבאַשיצטע,
ווער וועט זיך איינשטעלן פאַר אונדז
אין די האַס־טעג, די אויפגעבליצטע?
מסתמא בין איך צופיל אין ציטער פאַר אַ צאָרנדיקן שפּעטער.
אָבער אין גיריקן געיעג נאָך מאַכט,
ווערן אַלע יידן שלעכט, אומגערעכט.
יידיש לייב דער מערדער שמעקט.
אונדזער בלוט די וועלט־גאַסן פלעקט — — — —

ליבער חבר טים באַק,
דער פּחד פאַרן גרוייזאַמען גזר
גיסט פינצטערניש אין מיר,
טריפט שווערן צער.
מיר טאָרן נישט האַרן.
דיין וואָרט מוז דאָס לאַנד אויפרודערן,
שטראַליקער־רוף זיך צוברידערן:
זאָל ווערן פאַרבאָטן יידן אויסצוראָטן!
מיר זיינען מיט דיר!
מיר זיינען גלויביקע,
מיר זיינען אָן אַ שיעור.

אין שווערן געראַנגל,
אין אונדזערע הענט
דעם מאָרגן מיר ברענגען.
צינד אָן די פייערן אויף בערג, אויף טאָלן !
די גרויסע, מאָרגנדיקע טעג האָסטו אָנגעהויבן
פֿאַר אונדז אויסצומאָלן.
פון דער טיפעניש איך טו בעטן,
דער פייער־וואָגן זאָל איבער אונדזערע לייבער
מערנישט יאָגן.
מיין פֿאָלק זאָל לעבן און דערלעבן
לויטערער פרימאָרגן זאָל איבער אים שוועבן.
די וועלט האָט אַ בלוטיקע האַנט אונדז געגעבן.
מיר וועלן פֿאַרגעסן, יאָ מיר וועלן פֿאַרגעבן — — — —

נאָענטער חבר,
טרויערן אַרום מיר לויערן.
איך האָב אויסגעגאָסן מיינע בענקשאַפטן, מיינע געפילן.
מיט אונדזער גערעכטן גלויבן, מיט פעלדזנפעסטן ווילן
וועסטו די וואונדערלעכע באַגערן העלפן אונדז דערפילן.

# זונטיק.

פון דער פּאָעמע „אַ דערפל
אין קוויבעק"

דער זומערדיקער זונטיק שמעקט אין דערפל.
מנוחהדיק, ריין יעדעס הויפל.
דורך די וועלדלעך, אויף די זאַמדיקע וועגן
ציען זיך פורלעך צום געפּארבטן, שטיינערנעם קלויסטער.
דער אינדערפרי ווערט גליאיקער, די שטיינער רויטער.
און דער גלח דרשנט:
קוקט נישט וואָס דער ייד האָט אַן אָרעם געוועלבל,
אַ שטיקל גאָרטן, אַ פּאָר עופות און אַן איינציקן קעלבל.
ער וועט שטילערהייט אייך באַרויבן.
עס געפינען זיך דאָ לייט וואָס טוען זיין ערלעכקייט און גוטסקייט לויבן.
מיט זיין באַהאַלטן גאָלד וועט ער פאַרכאַפּן אַלע גיטער,
ער וועט ווערן אייער האַר, אייער געביטער.
דער ייד, דער שד רעדט הכנעהדיק מיט געבעט.
ער האָט אַפילו פאַרנאַרט דאָס שענצטע שוועלבל
הינטערן אָפּדאַך פון זיין הויקערדיק געוועלבל.
זי האָט אַ נעסט זיך דאָרט אויסגעבויט,
ביים פענצטערל וואָס שטראַליק בלויט.
אונדזערע קינדער זעצן זיך אויס
אויפן גאַניקל פון זיין הויז,
וואַרפן קרישקעלעך דעם שיינעם פייגעלע.
דער כיטרע ייד ווינקט מיט אַ וואַסערדיק אייגעלע:
קויפט קינדערלעך זיסע זאַכן,
אויך זייגערלעך, העמערלעך פאַרשיידן געצייג שפּילעכלעך אַליין צומאַכן.
די קינדער לאַכן, יאָ זיי לאַכן.
און דער רויבערישער ייד טוט גוטע עסקים מאַכן.
באַלד וועט ער אָפּקויפן די רעסטאָראַציע באַ קאַמילן.
באַ טרודעלן די וואַסער־מיל.

ער דער גאָט־פֿאַרשאָלטענער וועט דאָ בויען נאָך אַ שיהל.
איר הערט, איר קאַטאָליקן, פּראַנצויזן,
איר טאָרט ביים ייִד נישט קויפֿן קיין העמדער,
מאַנטלען, שפּילקעס, שיך און הויזן.
ווערט זיך הייגט, כּל זמן עס איז צייט.
וואָרים אַן אומגליק וועט ווערן באַשערט
אויף דער הייליקער, קוויבעקער ערד.
דזשעראָלד הערט, ער קוקט זיך איין טונקלען חלל איין.
זומער־זון גאָלדיקט אויף די באַמאָלענע שויבן.
ווי יידן זעען אוים: דער פאַרבלוטיקטער יעזוס אויפֿן קרייץ.
אָט גייט יעזוס פֿאַרקלערט אינמיטן זומערדיקן טאָג,
אין הויכן פֿעלד, צווישן כוואַליעדיקן ווייץ.
ער איז מילד ווי אַ קינד,
עס קניען פֿאַר אים שאָף און רינד.
אָט שפּאַנען די אַפּאָסטאָלן מיט די לאַנגע, פּאַסטוך־שטעקנס,
מיט די גרויענדיקע בערד.
זייערע וואָגל־טריט קושן דעם שטויב פון דער הייסער ערד.
אַלע זיינען זיי יידן, זעען אוים אין געשטאַלט,
ווי דער אָרעמע יידישער געוועלבניק
מיט דער פלאַטערדיקער באָרד, וואָס וואוינט ביים וואַלד.
דזשעראָלדן ברענט די בושה,
ער פילט דעם גלחס שקר.
דער האר און געביטער איז דער רייכער פּאָסטמייסטער
מיט דער פולער קראָם — אָט דער געמיינער שווינדלער און פראַצענטניק
מיטן שפּיציקן הויקער.

## איך פאַרוויג מיין ייִנגל.

לעצטע אשמורה.
עס שרייעט אויף טאָג.
מיין טאַטע פעדערט זיך צולערנען תורה.
הינטער פלויטן הינטיש געביל,
קעציש געקלאָג.
בעלי מלאכה׳ם איילן צו דער שקלאַפישער עבודה,
הינטערן אָרעם פעקלעך מאָגערע סעודה.

און — איך פאַרוויג מיין ייִנגל
מיטן אומעטיקן גמרא־ניגון.
אויפבליאַסקעדיקער פרימאָרגן
גילדערט די שויבן, דאָס וויגל.
די שטאָט וועקט זיך הינטער שלאָפנדיקן ריגל.
נאַכטיקע פייכטקייט פאַרעט אויפן דאַך.
דער שטילער הימל — אַן אָפענער, בלויער שליאַך.
צויבערדיק שטראַלט דער קינדערישער טרוים:
זומער־זון אויף בית־מדרש שויבן.
זינגענדיקע פייגל אויף שאָטנדיקן בוים.
פויערישע פורן ביים וואַלד שטויבן.
מיין ניגון ציטערדיק, גרינג און פריי.
ווידער טריפט די זיסע בענקשאַפט אויפסניי:
ווינטער, גאַסן אויסגעבעט אין שניי,
עס שמעקט דער זילבערדיקער, בלענדנדיקער פאַרזיי.
אָ, גמרא־ניגון טו מיך ווידער פירן
צו די שווערע בית־מדרש־טירן,
צו מיין היימישן ווינקל,
אין פרימאָרגן־טונקל.
יידן אין טלית און תפילין,
דאָס דאַוועגען אויפדערגיך מאָלן.
צופוס דאַרפן צו יאַרידן שפּרייזן
אפילו דער שניט־סוחר אברהם אייזן.

געהאָרבעטע יידן דעכען קוים, די בערד ווינטיקן, זיי איילן.
זאָל גאָט גוטע קונים צוטיילן.
אַלע בעטן אויפֿן דאָברע מזל, קרעמער און בעלי מלאכות —
דער נייער, אויפשיינענדיקער יחוס.
נאָר דאָס ביסל גליק פינקלט, פֿויזעט, ווי אויף דער איינגעטראָטענער פּאָדלאָגע
דאָס שטראַלן־העזל.
פֿול מיט טרערן איז פּרייטיק צונאַכטס דאָס קדוש־גלעזל.
גלות־פּוילן, ערגער ווי שעבוד מצרים.
יידן בידעווען, יאָגן אַרויס פֿון זיך דעם דעך.
עס שטיקן די פּאַנסקע ידים.
די זאָרג און די שרעק וואַקסט!
גאָטעניו, מען זאָל כאָטש אַמאָל קומען צו אַ ברעג?
די פּאַנעס ווילן די יידן אין די ווייטסטע, פּרעמדע לענדער פֿאַרשיקן.
די כוחות ברעכן זיך.
גאָט, דו אַליין מיט די צוררים
צערעכן זיך! —

דער ניגון טוט מיך וויגן.
דער צער ברענט
איבער דער לענג און דער ברייט פֿון דער ערד.
עס סקריפּען מערנישט די בית־מדרש טירן.
די פֿריילעכע, בגלופנדיקע כלי זמרים ריפּען
מערנישט אין די שלוהדיקע פֿרימאָרגנס.
היימשטעטל וויסט, שטום און לער.
לעצט, גליוער־געשריי איך הער.
דער ניגון פֿון יידן־קברים שטייגט צו די בלויע הויכן,
צווישן חורבות, צווישן פֿייערדיקע רויכן.

יאָ, מיין זון, מעבר לים,
אין מדינת פּוילן האָט זיך ווייט־צווייגנדיק געשפּרייט
מיין דורותדיקער, ליכטיקער שטאָם.
דער פֿייער־אַקער האָט דאָס בית־מדרש פֿאַרצערט,
דאָס שטעטל ביז די גרונטן צעשטערט.
דער גמראַ־ניגון — דער שכינהס ציטערדיקע האַרף צעבראָכן.
די תורה־לערנער מיט שפּיזן דורכגעשטאָכן.

זיץ איך אצינד אין נייעם לאַנד,
אין דיין געבוירנשטאָט.
דער ניגון זינגט אין מיין לעבעדיקן וואָרט,
טרויער פון מיין היימאָרט.

זע מיין זון, דער זוניקער פרימאָרגן רייט אַרויס.
אַ רויטער בעכער די צעעפּנטע רויז.
האָרך זיך איין, הער מיך אויס:
אונדזער אומה מוטיק, אייביק.
די שונאים נידריק, שטויביק.
אונדזער מאַרטירער־גייסט אין די ווייטע דורות שפּרייזט.
אין אַלע לענדער, אין אַלע מדבר זאמדן שרייט אונדזער פאַרגאָסן בלוט.
מיין האַנט ציטערט צווישן די שאַרכעדיקע, שעפּטשענדיקע בלעטער
פון אונדזערע בלוטיקע, גלותדיקע יאָרטויזנטער.
פעלדזנשטיינער — אימהדיקע טויערן באַ שטורעמדיקע וואַסער־ברעגן,
פירן אונדז צו די פרעמדסטע וואָגל־וועגן.
אַלע וועלט־שטעט, פעלקער, לענדער פון פאַרגעסענעם אַלטערטום,
זייערע שטיין־חורבות זיינען שטומע עדות
אויף אונדזער אייביקן זיין —
אַז אונדזערע פייניקער קריצן אַליין זיך אויס
דעם מאָרד־צייכן אויפן שטערן.
אַזוי וועט רויביק־שוואַרץ ברענען די מאָרד־בושה
אויף די טמא־פּנימער פון די נאַציסטישע פאַרטיליקער.
דורך מדינות און כלערליי אומות
תמיד מיר וואָגלען מיט ספר־תורות און גמרות.
יעדע פרעמד איז אונדז באַקאַנט פון נעכטן, פון היינט.
מיר שטורמען דורך אַלע לויערנדיקע סכנות.
אין אַלע וועלט־עקן טריפט אויף אונדז דאָס טרויעריקע ליכט
פון שווימענדיקע לבנות.
מיר שטרויכלען, שטייען ווידער אויף און פירן אויפסניי
דעם אייביקן געראַנגל פאַרן זכות צו זיין אַ ייד.

פון געבורט, דורך פּיין און בלוט מיר זיינען אויסדערוויילט,
צו טראָגן אין אונדזערע יונגע, טרייסטנדיקע הענט
די אויסלייזונג צו דער טרויעריקער וועלט.
אונדזערע באַפרייענדיקע, וואַגנדיקע טריט
רוישן באַ אַלע באַלאַגערטע שטאָט־טויערן,
קלינגען אויס דאָס גאַרנדיקע ליד
אויף יעדן אָפענעם שליאַך,
אויף יעדער אויפגעריגלטער בריק.
מיר ברענגען דעם גלויבן, דאָס גליק
און דעם הייליקן זיג.
די געטאָ־הלבשה — אונדזער שטאָלצער, אָפּגעצייכנטער הערב.
פריש און לויטער טריפט אין אונדזער אייביק גרין־שפּראָצנדיקן וואַלד
דער טויאיקער רעגן.
פולע קערב פרייד מיר טראָגן דעם ליכטיקן פרימאָרגן אַקעגן

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פון מרחקים, איבערן שטורעמדיקן ים האָב איך אהער געצויגן.
יונגע, בענקענדיקע טרער אין מיינע אויגן.
אין מיין היימשטעטל ווילדער שטורעם האָט צעשראָקן, צעוואָרפן און פאַרטריבן.
אויסגעשטערנטע נעכט האָבן דעם טרויער פאַרשריבן,
דערשלעפּט האָב איך זיך אהער אויף פרעמדער ערד.
איך בין געבליבן שטיין דערשראָקן, עלנט — אַן איינזאַמע פאַרבלאָנדזשעטע לאַם.
ליבע, נאָענטע געשטאַלטן גריסן פון דער ראַם.
לבנהדיק געזיכט פראַסטיקט זילבערדיק אויף מיין שויב.
די בענקשאַפט וואַרעמט דאָס ערשטע, טרייסטנדיקע ליד.
אין לייטערנדיקער לייד שפּראָצט די ציטערדיקע פרייד.
אין באַגינען זינגט פאַרבענקטער ניגון, זינגט־אויף און דערהויבט.

מיין טאַטע האָט דאָס לערנען נישט איבערגעריסן אינמיטן וועגן.
מיין מאַמע האָט געטריפט אין מיר די ליכטיקע באַהאַרצטקייט
פון פאַרליבטע, טרערנדיקע יידישע ווערטער.
לידער בליען איצטער אין דער איינזאַמקייט,
אין די פאַרהיימישטע, נייע ערטער.
זע מיין זון, די שראַנקען יידישע ביכער.
זיי פעסטיקן דעם גלויבן אין אַלע גלותן, אין אַלע געפאַרן,
זיי שמעטערן אַלע פינצטערע גזרן.
נקמה צינדן די בלוטיקע כראָניקעס
פון קידוש השם, אין שנת ת״ח,
און די קאַמפּסרייד פון די נביאים
אין די אַמתדיקע, הייליקע ספרים פון תנ״ך.
הלכות און אַגדות פון ש״ס אויסגעזונגען אין די ווייסע ווינטערן,
אין די בליענדיקע פרילינגען פון שמענדיקן בעז,
האָבן געלויכטן אין ליבשאַפט, געלאָשן דעם האַס.
נאָך אַלע שחיטות און גירושים
האָט אַלץ געזונגען אין אונדז דער וואונדערלעכער זכות
פון זיין אַ ייד.
שבועות שמעקט מיט פוטער געבעקס, מיט שאַווערן אויפן מגן־דוד־דאַך.
דער בעל־קורא ציקלט אַקדמות.
די מאַמע לייענט די מעשה פון מתן־תורה מיטן זיס־אומעטיקן ניגון פון טייטש חומש.
אָסיען, דאָס וויסליים לויכט פון די אָפּגעווייסטע ווענט.
אין דער סוכה שאָטנט פריש, קיל דער סכך.
ווינטלדיקע פאַרטאָגן שטראַלן.
רויט־זאַפטיקע אויבסטן אין די סעדער.
פאַרקלערט, פאַרטרויערט געשניטענע פעלדער.
און קאַמפּס־לאָזונגען פלאַמען אויף שטובן און פלויטן.
אויף די בונטאָווטשיקעס די פּאָליציאַנטן לויערן.
עס פאַרקלעמען תפיסה־מויערן.
די שטערן גליען אויס דאָס פאַרהוילענע שריפט.
אין געמיט ליכטיקט דאָס מאָרגנליד.

די ברודערלעכע חברשאַפט אין האַפנדיקע הערצער וואַקסט.
מיט מוט און גערעכטן האַס דעם שונא דערשלאָגסט.
און אין דעם גרויסן, וואונדערלעכן ירושה־געוועב
די ווערק פון מענדעלע, שלום־עליכם, פּרץ,
לעבט דער בטחונדיקער גאַנג פון דורות־יידן.
ביז ש. האַלקין — ברודער־דיכטער אין ראַטן פאַרבאַנד —
איין גאַרנדיקע, שטרעקנדיקע האַנט.
אין ערלעכע, הייליקע יידישע ווערטער
געבענטשט יעדער עבֿרדיקער שפּור:
די לעכצנדיקע זעל פון קעמפּערישן געזעל.
ערב שבת די געשייערטע, קופּערנע פאַן.
די פרומע ווייבער מיט פאַרטרערטן טייטש־חומש,
זומער פאַרנאַכט באַ שאָטנדיקער שוועל.
ר׳ בײנוש בלעכער, ר׳ דודל למדן,
ר׳ שואל דאָרפסגייער, אייזיקל משכיל,
און דער פאַרמחטער חסיד ר׳ יחזקאל,
אַלע זיינען מיט אונדז אין אַלע פרעמדן.
דער בעש״ט, זיין אָנטרייבער יענדרוך.
פון אָפענע, גאָלדענע פעלדער דער ריח.
פון דאַנען מיר שעפּן בטחון און יונגן כח.
דער שפּאָלער זיידע, דער ווילנער גאון,
דער בראַסלאַווער און דער רבי ר׳ בער,
אַלע זיינען געקומען אין די פרעמדן,
שטאַרקן אונדזערע לענדן.
אַלע אין איין היימישער פור.
דורות באַהעפּט דורך פיינען־שנור.

זייער וואָרט גלויביק, לויטער, וואָר:
היינטיקס יאָר וועט קומען משיח.
און אויב עס דויערט,
און דער שונא לויערט.
לעבט אין הערצער פון מיליאָנען
דער העלדנגייסט פון הערש לעקערט.
אין די הענט מרידה־פאַקל.
נישט קיין שרעק און נישט קיין וואַקל!
אינאיינעם מיט הערש לעקערטן אין דער היימישער פּור.
דאָס וואָרט איז פריידיק,
דאָס וואָרט איז געדולדיק, גלויביק.
הערש לעקערט איז מבטיח:
היינטיקס יאָר קומט משיח.
און אויב נישט היינטיקס יאָר,
איז זיכער איבעראַיאָר! — — —

## נישט באַזונדער.

נישט באַזונדער.
פון אייביקן פאָלק די גלויביקסטע קינדער.
האָפנדיקער טרוים — דער ליכטיקער וואונדער.
אין הייליקן ציל ריין, געריייניקט.
אין ערלעכער ברודערשאַפט אויף אייביקן געאייניקט.

פון לאַנד צו לאַנד היימיש, דערקענט
שטרעקן זיך וואַרעמע הענט.
אין אונדזערע גאַרנדיקע הערצער דער לויטערער טרוים
צום היימיש־חומשדיקן ירדן.
די טיפע בענקשאַפט צו די געבענטשטע טריט פון יידישע בויער
ביים ווייטן, צוזאָגנדיקן אַמור.
פרייד און גליק אָנגעלאָדן אויף פויעריש־יידישער פור.
אָ, גלויביקע, האַרציקע ברידער־יידן,
די ערד זאָלט איר אַרבן.
גאָלדיקן זאָלן אויף אייערע פעלדער
אויסגערייפטע, פולע גאַרבן.
יידישע פויערים זאָלן שפּאַנען נאָכן אַקער
מיט בענטשנדיקן געזאַנג, אין הייליקן פרידן.

פון לאַנד צו לאַנד היימיש, דערקענט
שטרעקן זיך וואַרעמע הענט.

# אינהאַלט

## נאָענטע רייד

## דערמאָנט

## תיקון טעות

---

אויף זייט 64 שורה 13 שטייט: „מיט שורות גבורים פון אלע באצוואונגענע אומות"; דארף זיין:

„מיט שירות (שאיארעס) גבורים פון אלע באצוואונגענע אומות."

---

אויף שורה 25 שטייט: ר' לייב שרהס פירט זיינע פארטיזאנען־שורות אין קאמף"; דארף זיין:

„ר' לייב שרהס פירט זיינע פארטיזאנען־שירות (שאיארעס) אין קאמף."